ספר

# רעיון הנשגב

רעליגיעזע אונד פאָליטישעס געשפרעך איבער דעם געדאנקע

פאָן

## ישוב ארץ ישראל

אינגעטהיילט אין צוייא טהייל, דיא ערשטע טהייל ווירד גערופען

מיט דעם נאמען

## אור הבקר או מקרה היום

(איינע טאג פאסירונג)

אונד דיא צווייטע טהייל ווירד גערופען מיט דעם נאמען

## חזיון לילה

(ענטהאלט איינע נאכט פאסירונג)

מאתי

## חיים כהן



---

בוקארעשט
דרוק פאָן מיכל בינדער עט זאָהן, סטראדא ברעזאָיאַנאָ נומ. 1
1882

ספר

# רעיון הנשגב

איין רעליגיעזיש אונד פאָליטישעס געשפרעך איבער דעם געדאנקע

פאָן

## ישוב ארץ ישראל

איינגעטהיילט אין צווייא טהייל, דיא ערשטע טהייל וויררד געריפען

מיט דעם נאַמען

## אור הבקר או מקרה היום

(איינע טאג פאסירונג)

אונד דיא צווייטע טהייל וויררד געריפען מיט דעם נאַמען

## חזיון ליל

(ענטהאלט איינע נאכט פאסירונג)

מאתי

## חיים כהן

---

בוקארעשט

דרוק פאָן מיכל בינדער עט זאָהן, סטראדא ברעזאָיאַנאָ נומ. 1

1882

## ☞ ווארנונג ☜

# פארערדע

---

## געעהרטע אונד געשעצטע ברידער!

עס וועט איך פיעלייכט ווינדערן אויף מיר, אונד איהר וועט מיט
פערוווינדערונג פרייגען: מי הוא זה אשר בא במחנה העבריים בספרו
לדבר בשער לפני קהלות ישראל, איש עני ודל ורפה כח? ווער
איז דער דאזיגער וואס איז געקימען מיט זיין ספר ער זאלל עפענט-
ליכע רעדען האלטען פיר דיא פערזאמלונגען ישראל׳ס, איין איינ-
פאכער ארימער אונד שוואכער מאנן? האבען מיר דען נישט בדור
הזה חכמים ונבונים מלומדי תורה ומוסר השכל, האכגעבילדעטע אונד
גרויס גילערנטע מעננער, וואס מיר זאללען פון זייא הערין חכמה אין
מאראל? וואס זשע דערפין מיר נאך הערין דיא רייד פון זא איין ניד-
ריגען מענשען?! — יא, געשעצטע ברידער, דאס קעננט איהר רעכט
האבען אויף מיר צו זאגען, אז זא איין נידריגער מענש וויא איך בין
וואס איך קים נישט אפילו צים שטויב פון דיא פיס פון דעם קלענס-
טען חכם, זאל פאר אייך פארקאמען מיט איין מוסר ספר, דער פאר
קענט איהר אויף מיר שילדערן אין מיך דן זיין לכף חוב. נאר אבער
געשעצטע ברידער! ווער פון אייך א־ין אמתדיג יודיש הארץ האט אונד
דאס נאציאנאל געפיהל איז בייא איהם טהייער, אונד וועט מיין ווערק
לעזען, דער וועט מיך אוודאי דן זיין לכף זכות.

ברידער! פערגעסט נישט כי בצרה גדולה אנהנו, מיר געפינען זיך
אין זעהר א שלעכטער לאגע, וצוררינו רבו כארבה, אונזערע פיינדע
וענין יעצט אזוי פיעל וויא דיע היישריקען, וואלטען אינז גיהערין
אויפגיגעסין בכל פה, מיט דעם גאנצען מויל, וואס טראכטען אויף
אינז אויס אללע טאג נייע בלבולים אין ווילען אינז נאר פערניכטען.
דארום ליעבע ברידער בייא זויא א צייט מיז יעדער יהודי אוהב עמו
באמת וואס ליעבט זיין פאלק ואשר נתן ד׳ עצה בלבו, אין וואס
נאטט האט איהם איינע גוטע ראטה אין הערצען נעגעבען, איז ער
מחויב נישט צו שוויגען, זאנדערן צו ארבייטען מיט אללע קרעפטען

.

לטובת כלל ישראל. אזוי וויא דער הייליגער נביא ירמיהו וואס האט גיהאט דאס אמתדיגע נאציאנאל געפיעל ווען ער האט גיקלאגט אויף חורבן הבית, האט ער גיזאגט צו די יודען (אזוי וויא עס שטייט אין מגלת איכה) "נחפשה דרכינו ונחקורה ונשובה עד ד', דער נביא האט געזאגט מיט א לשון רבים, דאס הייסט ער האט יעדען אשר בשם ישראל יכונה וואס ער האט נאר עטוואס איין געפיהל, דאס רעכט געגעבען עפענטליך פיר זיין פאלק מיט איינע ראטה אויפצי-טרעטען איש לפי שכלו ולפי קוצר מבינתו אבי נאר לטובת כלל ישראל. דערפאר זאגט דער נביא נחפשה דרכינו וכו' לאמיר נאכ-זוכען אינזערע וועגען אין לאמיר נאכקלערין אין זעהען פאר וואס דיא צרות זענען אויף אינז געקימען, וועלין מיר געפינין אז עס איז נאר דערפאר ווייל מיר האבען זיך דערווייטערט פין אינזער פאלק ישראל אין דאס נאציאנאל געפיהל איז גאנץ אויסגעלאשען געווארין פין אינ-זערע הערצער, אין מיר זארגען גאר נישט פיר דיא צוקונפט פאן דעם כלל ישראל. דערפאר דארפען מיר זעהען "ונשובה עד ד' מיר זאללען זיך צוריק אימקעהרין צו גאטט, אין מיר זאללען האלטען וואס ער האט אינז געזאגט דען ער האט אינז אנגיזאגט: "ואהבת לרעך כמוך" "זאלסט ליעב האבען דיין חבר אזוי וויא דיך אליין"! דארום איז יעדער יוהד שילדיג צו זארגען פאר זיינע אנדערע ברידער, אין צו ארבייטען פאר דעם כלל ישראל, כדי מיר זאללען קעננען אינזער נאציאנאליטעט ווידער הערשטעללען אין זיך אימקעהרין צו אינזער הייליג לאנד.—

נאך איין זאך ליעבע ברידער, האט מיך בעוואגען, איך וואס בין זא איין נידריגער מענש, זאלל איין ספר ארויסגעבען אין פאר איך מיט עפענטליכע רעדען פארקימען. דאס איז דער "ר ע י ו ן ה נ ש ג ב" דער ערהאבענער געדאנקע פאן י ש ו ב א ר ץ י ש ר א ל אין דאס נאציאנאל געפיהל וואס האט זיך אנגיהויבען צו ערוועקען אין דיא הערצער פין אינזערע ברידער, גראדע יעצט אין מיטען דיא אללע צרות וואס איבער יודען איז געקימען, וואס מען האט גיקענט גיבער גלייבען אז מקוצר רוח איז ח"ו אבדה תקותינו איז אינזער האפנונג פערלוירען געגאנגען, צים סוף זעהען מיר גערדע אין מיטען דיא אללע גרויסע צרות גרויסע נחמות! עס איז יעצט ערוועקט גיווארין אין אינז זא איין טהייערער געדאנקע וואס ער פעהלט אינז שוין

כמעט מיום גלות ישראל מעל אדמתו, אז מיר יודען זאָללען זיך אליין
אים קעהרין אל ארץ חמדתינו מיר זאָללען דאָרט איינע קאָלאָניע
אויפשטעללען פאן עבודת אדמה. איבער זאָ איין טייערען געדאנקע
האט אוודאי יעדער יוהד רעכט עפענטליך צו רעדין אין צו קלערין
איש לפי שכלו. ווייל יעדער יוהד איז איין גלייכער מיטגליעד צים
הייליגען לאנד אל ארץ אבותינו. דאריבער בעט איך אייך טייערע
ברידער אז איהר זאָלט מיך נאָר דן זיין לכף זכות אין אהר זאָלט
נעמין איין וועג פאן גרוסען עלי הכהן (שמואל א סימן א) ווען חנה
איז מיט איין פערביטערט הארץ געקימען בעטען קיין שילה אל היכל
ה׳ אז גאָטט ב״ה זאָל איהר קינדער געבען, געפינין מיר דאָרט דיא
רייד: „והנה היא מדברת על לבה רק שפתיה נעות וקולה לא
ישמע ויחשביה עלי לשכורה“. דאס הייסט אין חנה האט גירעט אין
הערצען, נאר דיא ליפפען האָבען זיך איהר גיוואקעלט, אבער איהר
שטיממע איז ניט געהערט גיוואָרען האט זיא עלי דער כהן גדול גי-
רעכענט פאר איין שיכירטה אין האט זיא גימוסרט זיא זאָלל שוין
מעהר נישט שיכערען אין זאָלל שון מעהר קיין וויין נישט טרינקען.
האט חנה גיענפירט אין האָט איהם גיזאָגט, לא אדוני, זאָלסט וויס-
סען גרויסער הערר איך בין נישט שיכור, קיין וויין האב איך נישט
געטרינקען, וואָס דען „אשה קשת רוח אנוכי“ איך בין איין פרוי מיט
איין שווערעס געמיט בין איך געקיממען אויסגיססען מיין גיבעט, וואס
מיין גיבעט איז פאָן דעם נפש, פאר גאָטט פאָן ישראל, אל תתן,
זאָלסט נישט געבען דיין דינסט, זאָלסט מיך נישט גלייכען פאר דיא
אויסגילאסענע טעכטער, וואס דען, כי מרוב שיחי וכעסי, דעריך מיין
גרויס גיפאללען הארץ, אין גרוסע צרות וואס איך לייד דברתי עד
הנה, דאריבער האב איך אזוי לאנג גירעדט מיט דעם הערצען פאר
גאָטט ב״ה. ויען עלי ויאמר, האט איהר עלי גיענפירט אין האט איהר
גיזאגט: לכי לשלום, גייע אין פריעדען אהיים אין דער גאָטט פאָן
ישראל זאָל דיר געבען דין פערלאנגען וואס דיא האסט פאָן איהם
געביטען. — אלזאָ ליעבע בריעדער פאָן דיא רייד זעהען מיר ארויס
אז דער גרויסער עלי הכהן האט אין אנפאנג אויך גירעכינט חנה מיט
איהר הערצליכע געבעט פיר איין שיכרתי ווייל אדם יראה לעינים,
דער גרעסטער מענש זעהעט נור מיט זיינע אויגען אָבערפלעכליך,
נאָר באלד וויא ער האט נור געהערט איהר פערטיידיגען האט ער

גלייך פערשטאנען מיט זיין חכמה אין איהרע דבורים אז זייא זענין דבורים
היוצאים מן הלב, האט ער זיא באלד דן גיוועהן לכף זכות, ווייל ער
האט געוויכט אז אלהים יראה ללבב, אז גאָטט ב"ה האט בוודאי
איהר תפלה אָנגינעממין, דער פאר האט ער איהר גיזאָגט גייע אין
פריעדען ביזט זיכער אז דיין געבעט איז אָנגינעמין פאר גאָטט ב"ה,
ווייל גאָטט ב"ה הערט דאס געבעט פאָן ריינעם הערץ; אויך דאפיר
האט ח"ה איהר אויסגעבעהטען קינד אנאמען גיגעבען שמואל אײ־
גענטליך האט זיא איהם בעדארפט ריפען שאלת־אל דער אויסגיבע־
טענער פאָן גאָטט כי כד׳ שאלתיו נאָר זיא האט גיוואָלט מקדש
השם זיין זיא זאָלל לערנען דיא וועלט אז גאָטט ב"ה איז אלהים יראה
ללבב אין האט איהר שטיללע הערצליכע געבעט פערנעממען. דארי־
בער האט זיא איהם געריפען מיט דעם נאמען שמואל דאס הייסט
גאָטט האט זיא צו געהערט, צו איהר תפילת הלב: פאָן דעם מאמר
זעהען מיר ארויס ליעבע ברידער וויא גרוס זענין דיא רעד פאָן אונ־
זערע חכמים וואס זייא לערנען אונז אין פרקי אבות והווי דן את כל
האדם לכף זכות, אויך מאמר בן זומה איזה חכם הלומד מכל אדם
שנ' מכל מלמדי השכלתי. וואָרין ווען עלי הכהן זאָלל חנה ניט גי־
וועהן באלד דן זיין לכף זכות ווערליג ווען זיא האט איהם פריער אויס
גיצייגט וויא פאָם טרינקען אין זאָל זיא גיוועהן שאפען מען זאָל זיא
ח"ו ארויסיאגען פאָן היכל ד׳ וואס פאר איינע זינד וואָלט דאס ח"ו
גיוועהן פאָן דעם כ"ג: הײנט פין דעם דן זיין לכף זכות וואס פיר
איין טובה עס איז ארויס געקימען לכלל ישראל אז פאָן איהר אמת גיבעהט
איז ארויס געקימען דער הייליגער שמואל הנביא שהיא שקל כנגד
כל ישראל. דאהער גישעצטע ברידער בעהט איך אייך איהר זאָלט
מיך אויך דן זיין לכף זכות וועט איהר זעהן וואס פאר איין טובה עס
קען דאפאָן ארויס קימען לכלל ישראל, וואורין בייא דער לאגע וואס
מיר שטעהען יעצט, איז אויך דער כלל ישראל אין א גרויס געפאהר
אזוא וויא אין דער צייט פאָן עלי הכהן חנה אין שמואל. טייערע
ברידער איך וויס גאנץ גיט אז איהר שפירט דיא צרות ישראל נאָך
אפשר פיעל מעהר וויא איך, עס קיועהדט אייך אייערע טהייערע
הערצער מיט אייער נאציאָנאל געפיעל זעהר שטארק. איך גלעב
אייך ווייל דער גרוסער אין אמתער פאטריאָט, דער פילט דיא שמער־
צען פאָן זיינע בר דעי אפילו זייא זענין פאָן איהם גאנץ וויט ווייל

כלנו בני איש אחד נחנו ווייל מיר דער כלל ישראל זענין איין קער-
פער מיט איין גאָטט מיט איין תורה אין אז איין אבר פאן דעם טהיי-
ערען קערפער שפירט נור עפּיס שמערצען זאָ שפירט געוויס דער
גאנצער קערפער, היינט נאָך אז מיר זעהען דיא שמערצען פאָן דעם
קערפער גאנץ נאָוועגט נעבען אינז אין נישט נור איין קליין אבר
מיט שמערצען, זאָנדערן כמעט דעם גאנצען קערפער מיט פיעל
צרות אין ליידען פרעג איך אייך דארפען מיר זיך ניט פרעגען איין
ברידער צום אנדערן נחפשה דרכינו ונהקורה אין אין זאָ איין לאגע
האט דען ניט דאס רעכט איין גליד צום אנדערן צו רעדען אפילו
דאס קלענסטי אבר האט אויך רעכט אין אזא קריטישע צייט צו רע-
דען צים גרעסטען אין זיך מיט איהם אייניגען מיט שלום אין אהדות
אז מען זאל קענין פערהיטען אז דיא קראנקייט זאָל ניכט ווייטער
זיך שטערקערין אין אויך איבער דעם רעיון הנשגב איבער דעם היי-
ליגען געדאנק פאָן ישוב א״י. אויך זיך צו אייניגען אין איבער רעכ-
נען צי איז ערווירקליך איין געטליכער גידאנק, מיט דער הייליגער
אמונה הכמה אין מיט שלום אין אהדות אין הערצען.

דאהער ליעבע ברידער בעהט איך אייך נאָך איין מאהל אז איהר
זאָלט מיך דן זיין לכף זכות אין איהר זאָלט ניט דערווייטערען דיא
רייד פין דיא גאנץ נידריגע אין געפאללענע מענשען אין אזא קרי-
טישער צייט ווען נאָר איהר וועט פערשטיין אין דיא רייד
אז זייא זענין לטובת כלל ישראל דאס קען אויך קאָראזשירען מיך
אויך אנדערע גיפאלענע שרייבערס וואס זייא זענין מיט פיעל מעהר
הכמה והשכל, זייא זאָללען איין גרעסערע ראטע זעהער טהייער נא-
ציאָן אין דער צייט געבען, ותשועה ברוב יועץ לטובת כלל ישראל
אויך דיא גרויסע חכמים אין דיא שרי ישראל ווען אויך קענין ארויס
זעהען וואס דאס פאלק דענקט איבער דעם הייליגען געדאנק פאָן
ישוב א״י אין זייא וועלין קענין דיא אמונה מיט דער חכמה אייניגען
מיט שלום אין אחדות אין דער קריטישע צייט לטובת כלל ישראל.
דאמאלס מיט רעכט וועלין מיר אונזער געבעהט מאכען פאר גאָטט
אזוא וויא חנה האט גיזאגט עלץ לבי ב״ה רמה קרני ב״ה רהב פי
על אויבי כי שמחתי בישועתך.

בוקארעשט ד״ה ניסן תרמ״ב.

המחבר.

# דבר אל הקוראים

## איין וואָרט צי דיא געשעצטע לעזער.

גישעֶצטע לעזער! ווען זיא ווערדען אנפאנגען צי לעזען דעם אור הבוקר דיא טאג פאסירונג פאָן איין פערזאָן מיט דעֶם נאמען מחכה (המחכה לנחמות ציון וירושלים) זאָללעֶן זיא גיט באמערקען וואָס עס איז מיט איהם פאָרגעגאנגען פין פרייטאג גאנץ פריה ביז 12 אוהר שבת בייא נאכט היינה צי באמערקען וואָס ער האט אין דעם טאָג גירעד אין מיט וועמען ער האט גירעֶד אין וואָס מיט איהם האט פאסירט אין דעם טאָג. אויך צי באמערקען אויף וואס דעֶר מחכה האט געקיקט אין דעם טאָג זאָללען זיא גיט אויפפאסען כדי זיא זאָללען פערשטיין דעם ענין פאָן דער געשיכטע אין וואָס דער ציעל איז פאָן איהר. צום בייאשפיעֶל דער מחכה האט בייא טאָג גיקיקט אויף איין גימעלדע פאן איין בילד וואָס עס שטעהט פאר איין וואלד מיט ווילדע טהירעֶ. דאס בילד צייגט איהם ווידעֶר בייא דער נאכט אין חלום חזיון ליל פאָר דאס ביטערע גלות, אין דיא ווילדע טהירעֶ דאָס זענין דיא שונאי ישראל (דיא אנטיסעמיטעֶן) וואס לויפען אינז נאָך אז זייא זאָללען אינז צי רייסען אין שלעכטעס טיהן. דאן האט דער מחכה ווידעֶר אויף איין אנדערעס בילד פרייטאג בייא טאָג געֶקיקט וואָס עס האט פאָרגעשטעללט דעם סימבאָלישען וואגען וואָס דיא יודישע געמיינדע האט געמאכט אין בוקארעֶשט צור עהרע דער קראֶננונג פאן אינזער קאֶניג קארל דער עֶרשטע פאָן רומעניען. נעבען דעם בילד האט דער מחכה גיט גיוויינט אין פאר וואָס ער האט גיוויינט גישעצטעֶ לעזער דאס זאָללען זיא גיט אויפפאסען, ווייל בייא דער נאכט אין חזיון ליל צייגט דעם מחכה דאס בילד דיא כסא מלכות בית דוד מיט דעם גרויסען טריאומף צוג, אין דיא אבות אין אברהם אבינו אן דער שפיצעֶ וועלין דעם גרויסען צוג ארויף פיהרען אויף דעם הייליגעֶן בארג ציון. — אויך אנדערע רעֶדעם וואס דעֶר מחכה האט פרייטאג געֶהאט מיט מעהרעֶרע מענשען אין האט מיט זייא געשטריטען וועגען ישוב ארץ ישראל, ווייל זייא האבען איהם גיוואָלט אָב-

ווענדען פין דער מיינונג פין דעם געדאנק פין ישוב ארץ ישראל אין וואס ער האט זייא אויף דעם אָבגיענפערט א. ז. וו. דאס אללעס זאָללען דיא גישעצטע לעזער גיט באמערקען אין דיא טאג פאסירונג, ווערדען זיא לייכטער קעננען פערשטיין דעם חזיון ליל אין דיא נאכט פאסירונג פאָם מחבה׳ס חלום וואָס ער האט איהם בייא נאכט גיצייגט אין אויך דעם פתרון החלום וואָס ער קימט פאָר שבת חנוכה אם 12 אוהר פריה וועןֹ דער מחבה מאכט קידוש. אויך צי באמערקען עס קימט אין דער געשיכטע פאָר מעהרערע פערזאָנען, צ״ב סודיאל אָדער יוריאל אָדער מחבהאל אָדער שאלתיאל א. ז. וו. דאָס מיינט מען נישט איינצעלנע מענשען זאָנ־ דערן אבטהיילונגען פאן ישראל, וואס בעגעבען זיך מיט דעם אָדער מיט דעם שטודיום. — צ. ב. סודיאל איז פאן דער קלאססע יודען וואָס קעננען סודות התורה אין זענין אויך גרויסע דיפלאָמאטען אין פאָליטיקער דיא קלאססע הייסט דאפיר סודיאל. יוריאל הייסט דיא קלאססע יודען וואָס לערנען תורה אין זענין דיא רבנים פאן ישראל. מחבהאל איז פאן דער קלאססע יודען וואס האָפפען שטענדיג אז גאָטט ב״ה זאָלל שיקען דיא גאולה צי דעם כלל ישראל, דאפיר הייסט דיא קלאססע מחבהאל. א. ז. וו.

## אמור ואמרת להזהר קטנים עם הגדולים

אויך צי באמערקען דיא יונגע לעזער אז זייא וועלין אנפאנגען צי לעזען זאָללען זייא נישט אזוי שנעלל דערך געהן וויא אין בבא מעשהלע, זאָנדערן גיט אויפפאססען אויף יעדען געדאנק פאָנקט! ווייל דיעזעס ווערק בעציהעט זיך אויף איינזערע נאַציאָנאל געשיכטע אונד אָב עס וועט דיא יונגע לעזער עטוואס קשה זיין מעגען זייא פרעגען דיא גרעסערע לעזער מיט דיא גמרא קאָפּליך זייא ווערדען אייך שאָן אויפקלערען. אויך צי דיא גראָססערע לעזער בעט איך אז זייא וועלין לעזען זאָללען זיך ערינערן אין מאמר התלמוד ואל תהבים הרבה יותר מלמודך! זאָנדערן צי בערעכינען אז דאס ווערק איז געשריעבען וועגען שלום אין אחדות לכלל ישראל ודי למבין.

המחבר.

## חלק ראשון

# אור הבוקר

או

## מקרה היום

## (איינע טאג פאסירונג)

איין פערזאָן מיט דעם נאמען מחכה פאן דער כתה מהכהאל מיט איין גרויס נאציאָנאל געפיהל המצר בצרות עמו באֶמת נאָך מיט אנדערע זייטען צרות וואָס ער שטרייבט בכל כחו לישוב ארץ ישראל, פאנגט דאָ אן דאס געשפרעך, דער וויל האט ער נישט איין סאנטים אויף שבת חנוכה.

### ברוך ד׳ אלהי ישראל אשר יזכנו לראות באור הבוקר

גלויבט זייא גאָטט דער גאָטט פאָן ישראל וואָס דיא האָסט אינז מזכה גיוועזן מיר זאָללען שוין זעהען דיא ליכט פאָן דער מאָרגענראָטהע.

עס האט נאָר אנגעפאנגען צו טאָגען דאס הייסט דיא שטראהלען דער ליכט האבען נאר עטוואס אריין גילייכט אין מיין קליין פינצטער ציממערל אריין, בין איך גלייך אויפגעשטאנען פון מיין גילעגער גאנץ שטילל אין האב מיך אָנגעטיהן אין געוואשען אין איין קליין הארץ גיבעט געמאכט צו גאָטט דעם אללמעכטיגען דער גאָטט פון ישראל גלייך וויא מען זאָגט תפלת הדרך. איין בליק האבע איך געטיהן אויף מיין פרויא אין קינדער וויא זייא שלאָפען נעבעך פערשמאכט, איבערהויפט אויף מיין איין איינציג קינד וואָס עס איז מיר זעהר קראנק אין איך האב עס נישט מיט וואָס צו רעטען, נישט איין מאָל! איין ציטטערנעש איז איבער געגאנגען איבער מיין גאנצען קאָרפער. אך מיינע טהיערע, איך וואָלט אייך אוודאי גיוואָלט העלפען מיט דעם

גאנצען הערצען, איך האב בוודאי אויף איך רחמנות כרחם אב על בנים. נאָר וואָס זאָלל איך טיהן דיא פרנסה איז נישט בייא מיר אין דער האנד נאָר בייא גאָטט דעם אללמאֶכטיגען. אך! וואָס טיהט מען? אין דאָ איז ערב שבת! מיט וואס פאר א ענפער וועל איך קאֶננען אבענד אהיים קיממען?... אין מיט וואס פאר א קוראש קען איך לאָזין מיין פרויא אין קינדער אין אזא שלעכטע לאגע, זיא וועט רעכט האבען אויף מיר צי שילדערן, זיא זאָלל מיך מעהר אין שטיב נישט אריין לאָזין. וויא צי פערדיענען איז נישט דאָ, וואָס טיהט מען סע איז מיר זעהר שלעכט!...

איך האב מיך שטילערהייט ארויס גיכאפט פין דער שטיב מיין פרויא זאָלל נישט הערין זיא זאָלל אויף מיר איין מויל עפפענען אין זיא וועט רעכט האָבען. אלזאָ איך בין שוין אויף דער גאסס, וואָס טיהט מען ווייטער? וויא הין געהט מען? מיינע פיס זענין מיר אזוי אָפגישוואבט מרוב יגון ואנחה פין פיעל טרויער אין זיפצען. ערשטענס פין דאגות פרנסה צווייטענס פין מיין טהייער קינד וואָס סע איז מיר זעהר קראנק אין איך האב גם נישט מיט וואס צי רעטטען, דריטטענס פאן מיין פרויא וואָס זיא באליידיגט מיך מיט אללע בזיונות אין אללע מיינע פערענ- פערן ווילל זיא גאר נישט וויססען, ועל כלם האב איך נאָך פיעל מעהר צער על שבר בת עמי אויף דיא צרות וואס מיינע טייערע נאציאָן ליידעט כמעט אין אללע טהיילע פין דער וועלט. דיא צרות האבען מיר גאָר מיין הארץ ציבראָכען, אז איך לעז אללע טאג דיא נאכריכמען וויא עס געהט פאָר מיט אינזערע ברידער זעהר שלעכט! איבעראלל אויך דאָ אין דעם לאנד וויא מיר וואוינען איז אוך זעהר טינקעל. טייערע לעזער, יעצט קעננט איהר זיך אביסעל פאָרשטעללין אין וואס פיר איין לאגע איז דער מהכה דאָ ארויס געקימען אויף דער גאסס ערב שבת. — וויא הין געהט מען ווייטער? איך האב מיך ערינערט איך האב איין גוטען פריינד וואס האט איין פילאנטראָפישעם הערץ אין ער האט מיר שוין פיעל מאָל טובות געטיהן אין איך האב איהם נאָך נישט באצאָהלט, נאָ וויא אזוי געהט מען ווייטער צי איהם? נאָר וויא זאגט דיא וועלט: „נויט ברעכט אייזען", איך האב מיך איינגעשטעללט אין איך בין צי איהם געקיממען. אך דער פיינער מאנן האט מיך גלייך דערקענט אין האט מיר מיין וווינש ערפיללט. השי"ת זאָלל איהם אויך זיינע ווינשע ערפיללען ער האט מיר נאָך איין פאאר פראנק גיליגען אונד איך

האב מיר איין שטיקעל פלייש געקויפט אין אללעס וואס מען ברויכט דערצו, אין מיט פרייד האב איך מיך אימגיקעהרט צו הויז אין האב אללעס מיין פרויא געגעבען. דאס וואר אום 8 אוהר מארגענס. יעצט בין איך געלאָפען געשווינד אין דער גאסס, איך זאָלל עפּיס פער־דיענען ממלאכתי ומעשה ידי, ווייל מען ברויכט נאָך אויף שבת. איך בין געקימען אין דער גאַסס אין האב גיוואַרט פיעלייכט וועט השי"ת מיר צו שיקען עפּיס ארבייט. איך בין געשטאַנען ביז 10 אוהר עס איז ריכטיג געקימען איין מענש, איין איש היל, פאן איין גרויסען אַמט אין האט מיך געריפען וועגען איינע קליינע ארבייט. אָבוואָהל דיא אנדערע האבען זיך גיוויינערט מיט איהם צו געהען, איך האב אָבער אויף דעם נישט געקיקט וואָס סע איז זעהר וויט, אבי איך זאָלל קעננען מיין פאמיליע פערזאָרגען. איך בין מיט דעם מאנן מיט פאָלל פרייד גילאָפען אין האב מיין ארבייט פערטיג געמאכט אין האב פערדיענט איין פאַאר פראנק. נאָ איך בין זעהר צופריעדען, איך דאנק דיר גאָטט ב"ה, איך האב שוין מיט וואָס דעם שבת פערטיג צו מאכען!

דאס וואר אום 12 אוהר. בייא מיין אימקעהרין בין איך פאָרבייא גיגאנגען פאר איין גרויס גיוועלב, דא האב איך גיזעהן אין דער אויס־לאגע שעהנע לאנדשאפטען פאן געבירגע אונד טהאָלער אונד שעהנע פליסע, פאן גרויסע קינסטלער גיצייכינט. איינגע מינוטע האב איך מיך נעבען דיא שעהנע צייכנונג פערווייל, ווייל איך האב זעהר גערן אויף דיא מאלערייא צו קיקען. איך בין אלזאָ וויטער מיין וועג גיגאנגען. דאן בין איך ווידעראום בייא איינער אויסלאגע שטעהען געבליבען. דאָרטין האב איך נאָך שעהנערס גיזעהן. דאָרטין האב איך גיזעהן איין בילד וואָס שטעללט פאָר דעם סימבאָלישען וואגען (דאָס איז דער וואגען וואָס דיא יודען פאָן רומעניען האבען גימאכט צור עהרע דער קראָננונג דעם קעניגס קארל דער ערשטע. ער שטעלט פאָר דיא שטיהל פין שלמה המלך מיט דיא זיעבען טרעפ אין מיט דיא טהירע, דאן דעם קעניג שלמה מיט דעם כהן גדול אין מיט דיא לויים אין מיט זיינע יאָגער אונד רייטער. עס וואר פאָרגישטעללט נאטוראַל, וויא עס וואר בימי שלמה המלך, דער וואגען וואר גע־שפאננט מיט פערדע אונד רייטער נאך דער טראכט פאָן צייטען שלמה'ס). בייא דיעזער פאָרשטעללונג בין איך גישטאנען אין האב

פאן מיין הארצען געזיפצט. אין מיינע געדאנקען האבע איך גידענקט צום אללמאַכטיגען: „אך מיין טהייערער גאָטט, גאָטט פאן ישראל, וויא דערלעבען מיר שוין צו זעהען מיט אינזערע אויגען אין דער וואהרהייט בהקיץ ולא בחלום! דאס הייסט נישט נאָר אין איין בילד צייכנונג זאָנדערן באֶמת בשובך לציון ברחמים וכונן מקדשך על מכונו והראנו בבנינו ושמחנו בתקונו והשב כהנים לעבודתם ולוים לשירם ולזמרם והשב ישראל לנויהם וכסא דוד עבדך מהרה לתוכה תכין וכו׳ ואל נהיה כצאן אובדות אשר אין להם רועה, מיר זאָללען נישט מעהר זיין אזוי וויא פערלוירענע שאָף אָן אַ פאַסטיך. מיר זאָללען איינינע פעלקער נישט מעהר צו איין לאַסט זיין, זייא זאָלען זיך מיט אינז ווארפען מיט איין וואָרט: געהט אייך! איהר רויבט אינז איהר בעטריגט אינז, איהר אונגלייביגע געהט אייך קיין פאלעסטינא דאָרטען איז אייער לאנד. דערווייל טיהען זייא אינז וויא בעטטריגער אין אונגלייביגע . . .

מיט דיא גידאנקען בין איך גישטאנען נעבען דעם סימבאָלישען בילד אין פיעל טרערין האבען מיר פאן מיינע אויגען גערינגען כיאות לכל בר ישראל אשר זכרון ציון וירושלים יעלה על לבו, אזוי וויא עס פאַסט פיר יעדען יודען וואס דיא ערינגערונג פאן ציון אונד ירושלים קימט איהם פאָר אויף דיא געדאנקען. — דערווייל גענוג גיוויינט, איך מיז טראכטען איך זאָל צו מיין הויז אהיים קימען. . . וואָרין סע איז ערב שבת . . .

איך בין מיר מיין וועג ווייטער געגאנגען, איך זאָלל באצאָהלען פאר דער סהורה וואס איך האב גינעמין בעפאָר צי מיין ארבייט. אין טאָמער וועט זיך מיר נאָך איין ארבייט טרעפפען. איך האב גיוואַרט אין דער גאסס, סע איז מיר אביסעל קאלט גיוואָרין האב איך מיר גערעכט איך האב דאָ ניט ווייט איין גוטען באקאננטען מיט איין גיוועלב איך וויל אביסעל צי איהם אריבער געהען. ערשטענס איך זאָלל מיך אביסעל אָנוואַרימען, אין צווייטענס איך זאָלל דאָרטין זעהען את שלום אחי מרחוק ומקרוב. ווייל בייא דעם קויפמאנן גע-פינט מען מעהרערע יודישע צייטונג וויא „המגיד", „היועץ", הקאָלאָ-ניסט", „האיזראעליט" וכדומה נאָך אנדערע יודישע צייטונגען בשפת הארץ וויא „אַפּאַראַטאָרול" „פּראַטערניטאַטעאַ" אויך לאנד צייטונגען, אונד דער קויפמאנן איז מיך תמיד מזכה צי לעזען דיא צייטונגען.

# דיא שרייערס אדער דיא לעשערס

וויטער נייע ערגערניסס, נייע צרות, נייע נחמות. איך בין נאָך געקיממען אין גיוועלב נאָך איידער איך האב דיא לייטע געגריסט, הער איך שוין מעהרערע שטיממען פאן מעהרערע מענישען וואס ווארען אין גיוועלב מאהבי״י: אַ האַ דער קעדל איז דאָ! נאָך איין אָרימאנן וואָס ער קאָלט זיך וועגען ישוב א״י! נאָך איין דיפלאָמאט, נאָך איין פאָליטיקער! קבצנים וואָס טויג אייך א״י, זעהט בעססער איהר זאָלט האבען איין ברויט. — איך האב זייא אויך דיא רייד גלייך גיענפירט: ברידער! הלוואי וואָלטען אינזערע גבירים אין אינזערע שרי ואלופי ישראל צי דעם היילינען צוועק גיטראכט, וועגען ישוב ארץ ישראל ע״י עבודת אדמה, וואָלטען מיר אָרימע לייט אוודאי צופריעדען גיוועהן. וויל צי דעם צוועק ברויכט מען חכמה אין גבירה אין עושר. ליידער אינזערע גבירים שטעהען נאָך פאן דער וויטענס פין דער היילינער ארבייט. דערוויל כדאמרי חז״ל ובמקום שאין אנשים השתדל להיות איש" דערוויל קאָלען מיר זיך אָרימע לייט, וויל מיר שפיהרען דעם גלות גיכער.

אזוי האב איך דיא שרייערס קורץ גיענפערט אין האב גינעמין דעם המגיד פין דעם טיש וואָס ער איז דאָרט גילעגען. דיא לייטע האבען נאָך גירעד אין נאָך געשריגען, איך האב זייא נישט גיענפערט אין האב זייא דערוויל גילאָסט שרייען, אין איך האב גילעזין דעם המגיד אין האב דאָרט פיעל צרות פאן אינזערע ברידער מארץ רוסיא גיזעהען, אויך נחמות איין קול קורא וועגען ישוב ארץ ישראל. דיא שרייערס האבען מיך אָבער נישט גילאָזט לעזען. איינער הגדול שבהם האט אנגעפאנגען צו שרייען: וואָס טויג זייא ארץ ישראל? דיא ווילדע אראבער מיט דיא דרוזען זאָללען זייא דארט אויסקוילען? ליעבער שמד אייך אין מיר וועלין זיך פערמישען מיט דיא פעלקער וועלין מיר נאָך קעננען לעבען . . . איין אנדערער פאן דיא שרייערס האט גיזאָגט: מיינט ניט אז מלכות בריטאניא קאָלט זיך דאָ אימזיסט עס מיינט אויך אז עס זאָלל אינז ארויסנאַרין פאן אייראָפא נאך א״י אין דאָרט וועט זיא אינז לאָזין שטעהן אין דער בלאָטטע, דאמאלס וועלין מיר געצווינגען זיין אָנצינעמין דיא קריסטליכע רעליגיאָן. — דיא שרייערס האבען מיך מיט זייערע שטעכענדיגע רייד שטארק אנגעגריפען, איך בין געוואָרין שטארק ציקאָכט אין בין געצווינגען

גיוועזין אוועק צי לעגין דאס בלאט פאן דער האנד אין זאָלל מיך אימקעהרין צי זייא, אין האב זייא גיפרעגט: שרייערס וואס שרייט איהר? איין קליינער פינק האט נאָר אנגעפאנגען צי בלאָזין וועגען ישוב א"י אין סע איז שוין דאָ אזוי פיעל לעשערס . . . נאָר איך טרייסט מיך! איך מיין אז דער הייליגער פינק איז ריכטיג פאם אלל-מאָכטיגען גאָטט אין דיא יודישע הערצער אריינגעקימען, קענט איהר נאָך וויא פיעל מעהר לעשען דעסטאָ מעהר וועט דאס הייליגע פייער אין דיא גרויסע יודישע הערצער פלאממען. איז ווירקליך רשפיה רשפי אש שלהבת יה, זאָלט איהר וויססען אז מים רבים לא יכלו לכבות את האהבה ונהרות לא ישטפוה, אם יתן איש את כל הון ביתו באהבה אהבת ד׳ אהבת ציון אמונתו ותורתו בוז יבוזו לו דאן האב איך מיך גיווענדיט צי דיא שרייערס אין האב צי זייא געזאָגט: הערט מיך אויס איהר גרויסע שרייער מיט דיא קליינע שרייערס! נאָך אייערע רייד אז מיר זאָללען זיך ח"ו פערמישען צווישען דיא פעלקער, פרעג איך אייך וואָס פיר איין פנים וועלין מיר האבען? אזוי וויא איין גרויסע שיף מיט איין גרויס פערמאָגען וואָס זיא איז שוין באלד איבער געגאנגען דעם גרויסען שטירמישען וועלטמעהר אין גראדע ניכט וייט פאָן דעם באָרטען האט איין שטורםווינד ווידער אנגעפאנגען צי שטרייטען געגען דער שיף, גראדע דאמאלס זעגין דיא שיפס קאפיטענס מיט דיא שיפס לייטע ביים ברעג מיד געוואָרין אין האבען געלאָזט דיא שיף אינטערגעהן מיט זייא אין מיט דעם גאנצען פערמעגען! איך פרייג אייך ניט מעהר, וועלין מיר נישט אויסגילאכט ווערין פין דיא פעלקער? אינזערע עלטערן האבען זיך אין מיטטעל-אלטער געאָפפערט וועגען דער אמונה אין האבען געשטריטען אזוי וויא דיא לעווען אין האבען אינזער הייליגע אמונה גירעטעט, ולסוף קימט איהר דאָ אין ווילט אינזער טהייערע אמונה דיא בכורה פערקויפען פיר איין טאָפ לינזען! דאן זאָגט איהר נאך אז מיר וועלין זיך פערמענגען צווישען דיא פעלקער וועט מען אינז אָפגעבען פאלעסטינא. איך בעט אייך הערט מיך אויס איין וואָרט מיט איין ביישפיעל אויף אללע אייערע פלאָנע אין אויפ-גאבען.

---

# מלך חכם ונבון ובנו השובב

### הערט צי מיינע טהייערע ברידער!

עס איז אמאָל געוועזין איין גרויסמאָכטיגער קאָניג אין האט געהאט איין איינציגעס אין זעהר איין ווילד קינד אין איין גרויסער עקשן. דער פאטער נאטירליך האט דאס קינד ליב געהאט אין האט איינגיוועגדעט אללע מיטטעל ער זאלל דעם קינד איינע גוטע ערציהונג אונד איינע גוטע לעהרע געבען. עס האט אבער דאס אללעס נישט גיהאָלפען, דאס ווילדע קינד האט דעם פאטער דעם קעניג מעהרערע מאָהל גרויסע ערגערניסס געמאכט, אין האט אללע טאג דעם פאטער דער־צערנט, אין האט מעהרערע מאָל שענדליכע זאכען געמיהן. אין איין טאָג האט ער דעם פאטער זעהר גרויסע ערגערניסס געמאכט. דער פאטער דער קאָניג איז זעהר אויף איהם באָז געווארין אין האט איהם גיוואלט לאזין אימברענגען. ער האט אבער דאך רחמנות געהאט אויף דעם קינד כרחם אב על בנים, האט ער גילאזט ריפען דאס קינד אין האט צו איהם גיזאגט: הער מיך צי דוא עיר פרא דיא ווילדעס קינד, זאלסט וויססען אז דיא ביסט פאן מיר פעראורטהיילט צים טויט, וויל דיא האסט שוין מעהרערע מאל געגען מיר געזינדיגט, נאר וויל איך זעה אז דיא האסט דיא זינד געטיהן מיט איין ווילדקייט נישט מיט דעם כח השכל, וויל דיא בערעכינסט נישט אגעגען וועהמען דיא האסט געזינדיגט, געגען דיין אייגענעם פאטער, הלא הוא אביך הוא עשך ויכוננך (דברים כ״ד), וועל איך דיר דיא שטראפע אביסעל פערלייכטערן. דיא זאלסט דיך מעהר בייא מיר אין פאלאסט נישט געפינין, אין גייא דיר, נעם דיר מיט דיא ביכער מיט דער לעהרע מיט וואס איך האב דיך ערצויגען, אין אז דיא וועסט דיך גיט אָנפלאגען אין דאס ווילד־קייט וועט דיר ארויס פין דעם קאפף, דאמאלס וועל איך דיר מוחל זיין אין וועל דיך ווידער אריין נעהמען אין מיין פאלאסט. נאר איך זאג דיר דיא ביכער מיט דיא שריפטען זאלסטי גיט האלטען זאלסט זייא נישט פערוועקסלין . . . דערוויל גייע אין ווער גיט פערשווארצט!

דאס קינד איז מיט גרויס שאנדע ארויסגישיקט גיווארין פאן דעם לאנד דער בן מלך האט זיך אנגיהויבען גיט צו וואלגערן אויף אללע וועגען אין אללע שטייגען. מען האט איהם גירודפט מען האט איהם גיהרגיט, וואס מעהר ער האט געשריגען פאר וואס שלאגט איהר מיך איך בין

אין בן מלך, האט מען איהם נאָך מעהר גיפייניגט. מען האט איהם אינטערוויינגס ציגענעמין זיינע טהייערע שריפטען, מען האט זייא פערוועקסעלט אין אויסגעמישט מיט אנדערע גאָר פרעמדע. קורין ווא ער האט גיטאָגט דאָרט האט ער ניט גינעכטיגט. מען האט איהם געיאָגט פאן בערג צו בערג אין פאן טהאָל צו טהאָל, מען האט איהם אזוי אָפגעשוואכט אז ער האט שוין כמעט נישט גיקענט געהען אויף זיינע פיס. דיא לייטע האבען שוין אויף איהם אביסעל רחמנות באקימען אין האבען איהם שוין אויפגיהערט אזוי צו יאָגען. ער איז אביסעל צו זיך געקימען אין האט זיך אביסעל אויסגערוהט, דאס ווילדקייט איז איהם שוין אוים דעם קאָפּף ארויס, האט ער זיך דערמאַנט אין דיא טהייערע שריפטען, אין האט אָנגיהויבען צו דענקען אין צו בענקען אַהיים..... אַך! וויא אזוי קימט מען אַהיים צו מיין פאטער דעם גרויסען קעניג?! — דערוויל האט ער פערגעסען אז אין דער צייט דער ווילדקייט האט מען איהם פערוועקסעלט דיא שריפטען. ער האט אָנגיהויבען אריין צו קיקען אין דיא פערמישטע שריפטען אין צו לערנען נאָך זייערע אַנפיהרונג אין זייערע זיטטען.... קורין ער האט געשיקט גיבייט בריעף צים פאטער אז ער זאָלל אויף איהם רחמנות האָבען אין זאָלל איהם צוריק נעהמען אין פאלאסט אריין... דער פאטער האט איהם גיענפערט: קעהר דיך אים מיין טהייער איין איינציג קינד, איך האב דיך ליעב, מיין נישט אז איך האב אין דיר פערגעססען! ווען איך זאָלל נישט גיוועען אַכטינג געבען אויף דיר אין דער צייט ווען מען האט דיך געמאַטערט, וואָלסטו שוין לאַנג נישט מעהר גיוועהן גילעבט!... יעצט מיין קינד קים שוין אהים... נאָר זעה מיין קינד דיא זאָלסט קימען מיט דיא שריפטען!...

קורץ דאָס קינד האט אָנגיהויבען אהיים צו פליהען, וויל עס האט מורא געהאט פאר נייע צרות, פאר נייע פלאגען, פאר נייע מאָדערנע פערפאָלגונגען, גאָר אויף איין אנדער אופן, גאָר מיט איין אנדער נאָמען (אָנטיסעמיטען). — מען האט אויך פאן זייטען זיינעס פאטערס דעם קעניג אנגעפאנגען צו מאכען גרויסע פאָרבערייטונגען מען זאָלל עמפפאנגען דעם בן מלך צוריק אין קעניגליכען פאלאסט. אויך איניגע פרעמדע מלכים האבען מיטגעהאָלפען דעם בן מלך אז ער זאָלל קעננען גיכער קימען צו זיין ציעל אין צו זיין פאטערלאנד.

קורין מען האט דעם בן מלך אריין גינעמין מיט גרויס פאראדע, עס איז גיוועזין איין זעהר גרויסע שמחה וואס איז גאר נישט מעגליך פארצישטעללען. דער בן מלך איז נאר אין זיין פאלאסט אריין האט ער גלייך געשאפט אז מען זאלל איהם זיין אייגענע מוטטער נישט צי לאזין, אין זיא ארויסווארפען פין דעם פאלאסט. — דער קאניג האט גלייך גימערקט אז דא מיז עפיס זיין. ער האט איהם גלייך א פרייג געטיהן: האסטי בייא דיר דיא הייליגע שריפטען וואס איך האב דיר מיטגעגעבען אז איך האב דיך פערשיקט?

— יא פאטער קאניג איך האב זייא.

— האסטי אין זייא גילערינט?

— יא פאטער.

— פאר וואס ווילסטי נישט אריין לאזין דיין אייגענע מוטטער צי דיר אין פאלאסט?

— יא פאטער ווייסטי ווארום? וויל זיא האט מיך פערווילדעט מיט איהר ווילדע מילעך וואס איך האב בייא איהר קליינערהייט געזויגען, אין דערך דעם האב איך דיך נישט גיוואלט פאלגען אין האב אזוי פיעל געליטען.

דער גרויסער קאניג האט גיט געוויסט אז דיא שלעכטע בענעהמונג געגען דער מוטטער, איז נאר וויל אין זיינע פערווירונגס צייטען האט ער נישט געשפירט אז מען האט איהם איבערגעביטען דיא שריפטען, אין אז ער איז צי זיך געקימען האט ער פין זייערע ברוסט געזויגען. יעצט מיינט ער אז זיינע אייגענע מוטטער האט איהם פערווילדעט . . .

נאר עס שאדעט נישט, ער וועט שפעטער וויססען וואס דא איז. נאר וועל איך זעהען וואס נאך פיר איין דומהייט ער האט פין דעם גלות מיטגעבראכט. איך ווייס גיט אז ער איז נעביך נישט שילדיג...

דער בן מלך איז זיך אביסעל געגאנגען אפריהען אין זיין שלאף צימער, דערוויל האט ער דערזעהן זיין מוטטערס בעט, האט ער גלייך געשאפט מען זאלל ברענגען פאן דעם שטאהל איין קיה מיט דעם קאלב, אין מען זאלל זייא אויסבעטין אין דער מוטטערס בעט, (וימירו את כבודם בתבנית שור אוכל עשב. תהלים ק"ו). דער קאניג האט פאן וויטענס גישטיבילט. דאס האט דעם גרויסען קאניג אפילו גיט פערדראסען. ווען נישט דעם קאניגס איין גוטער פריינד

זָאלל פאר דעָם זיהן נישט גיוועהן ממליץ זיין, וואָלט דער קאָניג איהם ווידעָר גיוועהן פערארטהיילט צים טויט.

עָס איז ווייטער איבער געגאנגען איינע צייט. די נייע לבנה האט אָנגיהויבען צי שאַנען. דער בן מלך האט געשווינד גיהאַפט איין שפּאַקטיף אין איז ארויס געלאָפין אויף דעָם באַלקאָן פין זיין פאלאסט אין האט אָנגיהייבען צי קיקען אין דער לבנה אריין. דער פאטער זעהט וויא ער שטעהט אין קיקט אין דעָר לבנה:

— מיין קינד, האט איהם דער פאָטער גיפרייגט, וואָס קיקסטי אזוי? ביסטי פיעָלליכט איין אָסטראָנאָם גיוואָרען? האָסטי אָפשר גילעָרינט דיא שטערן קונסט אין דיא פערוווירונגס צייטען?

— איך זעה אז דער זיהן מיט דעם פאָטער האבעָן גאָר איין פנים! האט דער בן מלך גיענפירט דעם קאָניג.

— איך פערשטעה דיך נישט, זאָגט צי איהם דער קאָניג, וואָס הייסט דאָס? וואס מיינסטי דערמיט?

— שטאַטש פאטעָר, אין דיא לענדער וויא איך האב ארים געוואנדעָלט, דאָרטין איז אויך דאָ איין לבנה. יענעָ לבנה איז דער טאַטע אין דיא היגע לבנה איז דער זיהן.

— וואָס רעדסטי שוטה, איז דען דאָ צווייא לבנות אויף דער וועלט? איז דען מעהר דאָ וויא איין איינציגע ליכט איבער דעָר גאנצער וועלט? . . . — איך מיז דיר זאָגין אז דיא ווילדע פאָלקער וואָס דיא האָסט דיך בייא זייא אזוי א לאנגע צייט ארים געוואַלגעָרט, נישט נאָר געָניג וואָס זייא האבען דיך אזוי פעָרווילדעט אין האבען דיר דיינע שריפטען פערטישט, ביסט דיא שוין באלד אזוי משוגע וויא זייא, אין גלייבסט אז אין אפריקא איז דאָ איין לבנה וואָס זיא איז דער זיהן!..

— אצינד מיין קינד, האט איהם דער פאָטער גיזאָגט, ווארף אוועָק דיין עקשנים אין דיין ווילדקייט פין דיינער יוגענד אין דיא דומהייטען מיט דיא נארישקייטען, וואָס דיא האָסט אויסגילערינט אינטער דער צייט וואָס דיא האָסט דיך ארים געָוואַלגעָרט אינטער פעָרשידענע ווילדעָ פעלקער ונתתיך לאור גוים, איך וועָר דיך געבען צו איין ליכט פיר דיא פעלקער!.

אצינד איהר שרייעָרס איהר זאָגט אז דיא יודעָן זאָללען זיך אויס-מישען מיט דיא פעלקער וועָט מען זייא אָפּגעָבען א"י. אלזאָ פרעג

איך אייך וועלכע יודען וועט מען אָפּגעבּען א"י? צי דיא וואָס זייא וועלין זיך אויסטישען מיט דיא ווילדע אין נאַרישע פעלקער, וואָס זייא וועלין זיין אזוי ווילד אין משוגע וויא זייא? צי דיא יודען וואָס זייא וועלין זיך אויסמישען מיט דיא לעכט׳גע פעלקער וואָס זייא זענין קריסטען? אלזאָ בלייבט דעך גאָר קיין יודען! — נאָך איערע רייד בלייבט דעך נישט וועמין אָפּציגעבּען! אין דער ווילען גאָטטעס איז דעך אז מיר זאללען זיך מיט דעם גערהרטען אין גישעצטען נאַמען ישראל אימקעהרין!... אזוי וויא דער היילגער נביא הושע האט נבואות געזאָגט פאן גאָטטעס וועגען: „אחר ישובו בני ישראל ובקשו את ד׳ אלהיהם ואת דוד מלכם ופחדו אל ד׳ ואל טובו באחרית הימים" (הושע ג׳ א׳), „דאן וועלין זיך דיא יודען אימקעהרין אין וועלין זיכען גאָטט זייער גאָטט אין זייער קאָניג דוד, אין זייא וועלין האָפפען צי גאָטט אין צי זיין גיטס; דאָס וועט זיין אין ענדע דער צייטען.

ווייסט איהר נאָך ברידערליך אז דיא געגענוועהרטיגע צרה וואָס אינזערע ברידער ליידען אצינד איז גאָר איין עקסטער מין צרה, זאָ איין צרה אשר לא כתוב בספר התורה הזאת... הוא צרות האנטי-סעמיטען והעקאָנאָמישע קעסטיאָן! — מיר זאָללען האָפפען להש"י אז מיט דער צרה זאָללען שוין גיענדיגט ווערין אללע אינזערע צרות, ווייל דיא צרה איז אויך דיא ארגסטע. צי דער צרה איז נאָר דאָ איין איינציגער גאָטטליכער פלאן, ושבת עד ד" אלהיך ושמעת בקולו.— דאס הייסט, אז דער שווער אין שוויגער הייבען אינז אָן צי געבען שלעכטע קעסט, זאָללען מיר באלד אנטלויפען אהיים צי אינזער מאטע אין מאמע. השי"ת איז אינזער טאטע אין אינזער פאטערלאנד א"י איז אינזער מאמע. ליבער איידער מען זאָלל אינז ריפען עם נבל איז פיעל בעססער אז מיר זאָללען גערופען ווערין מיט דעם טיטעל עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה.

דיא שרייערס האבען אבּיסעל אויפגיהערט צי שרייען, אין האבען מיך גיבעטין איך זאָלל זייא ערקלעהרין פאר וואָס דיא מכה איז ערגער פאן אללע מכות.

— יא מיינע טייערע ברידער, איך וואָלט אייך אוודאי גיוואָלט ענפערן אויף אייער פראגע, נאָר ליידער עס איז שוין שפעט, עס איז שוין 4 אוהר ערב שבת אין מען דארף אויך בענשען חנוכה

לעבּט. — אַ גוּטען שבת מיינע ברידער, איך מוז געהען. א״ה איין אנדערעס מאָל וועלין מיר שפּרעכען פאן אייער פראגע. אַדיעי!

איך האב מיך שוין גילאָזט געהען צו הויז, איך האב בּייא מיר געהאַט איין פּאאר פראנק האבע איך געקויפט 2 ברויט אין האב געקויפט נרות של חנוכה ויין לקידוש, אין געה מיר במנוחה אהיים.

## השבתי למנוחה ויבוא רוגז

איך בין בשלום אהיים געקימען אין מיין קליין צימערל מיט דעם ברויט אין מיט דיא חנוכה לעבּט. מיין פרויא האט אויף מיר זעהר אַ בּאָזען קיק געטאָהן, נאָר איך האב מיך געמאכט דאס איך זעה גאָר נישט. דיא ערשטע פראַגע איז גיוועהן:

— זאָג זשע נאָר דיא, אבי דיא האָסט דיך פערזאָרגט מיט חנוכה לעבּט, מיך האָסטו גאָר נישט אין זין, איך דארף נישט קיין לעבּט צו בענטשין?

— אָ וואַ איך האָב גאָר פערגעססען! איך האב גימיינט אַז דיא האָסט שוין לעבּט.

— אבי דיא מיינסט נאָר, דיא האָסט מיר אסך איבער געלאָזט?

— שווייג שטילל מיין קינד, איך געה דיר באלד ברענגען.

איך האב איהר באלד געבראכט לעבּט. זיא האט גיבענשט לעבּט אין איך האב גיבענשט דיא חנוכה לעבּט מיט מלא שמחה, אין דערצו האָב איך נאָך מיין גאַז לאַמפּע אויך אָנגעצינדען. דאָס קליינע צימערל איז געוואָרין בעלייכטעט, עס האט זיך מיר גדאכט אז איך בין אין גן עדן.

* * *

דער מחבר בעהט דעם מהכה אז ער זאָלל בלייבען אביסעל שטעהן דאָ אין דעם קליינעם גן עדן. ווייל ער האט איין וואָרט צו דיא גישעצטע לעזער.

מיינע טהייערע לעזער! עס וועט איך פיעללייכט איין וואונדער זיין אויף דער גרויסער שמחה וואס דער מהכה שטעללט איך דאָ פאָר אין זיין קליין צימערל, זוי וויא איין גן עדן. דאָ מוז איך איך איין קליינעם בעגריף מאכען, איהר זאָללט קעננען פארשטיין זיין פרייד. — שטעללט איך פאָר ליעבע לעזער.

אין מיטען דער וואָך האט זיך דער מהכה מעהרערע מאָל ארוים
גיהאַפּט פין דעם קליינעם ציממערל גאנץ שטילל אז קיינער זאָלל
נישט הערין. ערשטענס ווייל ער האט נישט געהאט קיין גרייצער אין
דער טאשע ער זאָלל איבער לאָזין זיין ווייב. צווייטענס דאס אֶמת
רחמנות וואָס ער האט אויף זיין פרויא אין קינדער כרחם אב על
בנים, האט ער נישט גיקענט צי זעהען מיט זיינע אויגען אז זייא
וועלין אויפשטעהען אין ער וועט זייא נישט האָבען וואָס צי געבען,
היינט נעביך דאס קראנקע קינד וואָס דאָס דארף רעטטונג. דריט־
טענס, ווייל ער האט זיך זעהר גישעהמט פאר זיין פרויא אז זיא וועט
אויפשטעהען וועט זיא איהם זעהר איין גרויסע שאנדע מאבען פאר
דיא שכנים. מיט איהר מויל וועט זיא שרייען אויף איהם אין וועט
איהם באליידיגען אויף דעם גרויסען קול, אין דאָס מאכט איהם זעהר
גרויסע קרענקונג אין שמערצען, ווייל ער איז נאָך דערצי איין גרוי־
סער בושת פנים. אין דערצי האט ער קיין האָלץ אויך נישט אין
שטיב, אין אז ער פארדיענט שוין עפּיס אין דער גאס נאָך בייא דער
ביטטערער צייט וואָס דיא פרנסה איז זעהר געשלאָגען ווייכט ער
נישט וואָס ער זאָלל פריהער קויפען. צי זאָלל ער קויפען ברויט,
צי האָלץ, צי בעלייכטונג. ער וויא אזוי ער קימט איבער דעם טאָג
זאָלל גאָטט וויססען. אז ער פארדיענט נאָר עפּיס ברענגט ער צי
הויז מיט גרויס פרייד גלייך וויא ער איז איין עושר גיוואָרין, אין ווען
חלילה נישט שעהמט ער זיך פריה אהיים צי קימען, אלץ פאר דער
זאך וואָס מיר האבען אויבען גירעדט. היינט שטעלט אייך פאָר טייערע
לעזער אז דער מהכה האָט דאָ געהאט בליל שבת דעם גרעסטען
תענוג גלייך וויא אין גן עדן, אז ער האט געפיהלט אז ער קימט
אהיים מיט א פרייא פנים צי זיין פרויא אין קינדער, ווייל ער האט
גיקויפט פלייש אין נאָך אנדערע זאכען, אין האט איהר אין דער
פריה געבראכט, זיא זאָלל דאָס צוריכטען אויף שבת, היינט האט
ער נאָך א פּאָר פראנק אין דער גאס אויך פערדיענט אין האט נאָך
ברויט מיט איין מאָל געבראכט. נאָ פרייג איך אייך טייערע לעזער 2
ווער קען זיך דאָ צי איהם גלייכען, אין ווער קען פיהלען זיין תענוג
דעם תענוג פיהלען נאָר דיא וואָס זייא זענין פין זיין אָרים רעגימענט.
ווייל אין חכם כבעל הנסיון. — אינזערע רייכע ברידער ווינטש איך
נישט דעם תענוג. ערשטענס ווייל ער קען דעם תענוג נישט פער־

שטעהן. אין צווייטענס וויל איך נישט ער זאָלל שטעהען בייא דעם
נסיון. וואָרין וויא קען דאָס איין רייכער מאנן פערשטעהן, אז איין
אָרימאן וואָס ער געהט צווייא מאָנאטה אין צעררימענע שטיוועל אין
דערצי זענען זייא אויסגעקרימט אין רייבען איהם אָפּ דיא פיס, אין
איין גיטע בלאָטע איז אויך דאָ, האַנט אז גאָטט ב״ה העלפט איהם אז
ער האט זיך גיקענט קויפען נייע שטיוועל, אין עס איז איהם טריקען
אין ווארעם אין דיא פיס, אוודאי איהר רייכע בר דער קענט איהר
זיך צי זיין תענוג נישט גלייבען! ווייל איהר האט דאָס קיין מאָל
נישט בייא געוואָהנט. אויף דיזער ארט קענין מיר פארשטיין דעם
מאמר התלמוד אין פרקי אבות, וואָס זייא מיינען: כך היא דרכה של
תורה, פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה ועל הארץ תישן וחיי
צער תחיה ובתורה אתה עמל אם אתה עושה כן אשריך וטוב לך,
אשריך בעולם הזה וטוב לך לעולם הבא. דאס הייסט: דיא תורה
לערנט אינז איין וועג דיא זאָלסט עסין ברויט מיט זאַלץ אין וואסער
זאָלסטו טרינקען מיט דער מאָס, אין זאָלסט שלאָפין אויף דער ערד,
אין זאָלסט לעבען אין צער אין זאָלסט דיך מידען אין דער תורה.
אז דיא וועסט אזוי טיהן וועט דיר זיין וואויל אין גיט. וואויל וועט
דיר זיין אויף דער וועלט אין גיט וועט דיר זיין אויף דער קינפטיגער
וועלט. נאָ פרעג איך איך טייערע לעזער, איז דאָס עפּיס א גיט
לעבען וואָס דיא תורה לערינט אינז? נאָך אויף דער וועלט וועט דיר
אויך וואויל זיין? כנ״ל. אנאָ גיט אַפרייג דעם מחבר וועט ער אייך
ענפערן אז עס איז גאנץ גיט, אז דיא תורה לערינט אינז צופרידען
לעבען. דהיינה אז איך האב נישט מעהר פארדיענט וויא אויף ברויט
אין זאַלץ, זאָל איך אָננעמין פאר ליעב אין זאָלל דאנקען גאָטט ב״ה
דערפאר, אבי מיר זענין געזינד אין שטארק, וואָרין איזה עשיר השמח
בחלקו. דער פאר וועט דיר אויך גיט זיין אויף דער וועלט. אויך דאס
מיינט מען אז דיא וועסט זיין צופריעדען אין דיא וועסט ניכט בע-
ניידען וואָס יענער האט מעהר פאן דיר, וועסט דיא תמיד זיין בייא
דיינע קרעפטען אין דערפאר אז דיא וועסט זיין צופרידען קען דיר
גאָטט ב״ה פיעל מעהר העלפען. אויך לעולם הבא קענסט דיא אייך
דאפיר איין גיטען שכר האָבען. וואָרין אז דיא וועסט יענים הבר
בענײדען איז נישט גיט. וואָרין הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את
האדם מן העולם. דאס הייסט: דאס בענײדען אין דאָס גלוסטען וואס

יענער האט אין דאס נאָכלויפען נאך עהרע דאָס ציהעט אוים דעם מענשען פאן דער וועלט. אין אז איך וועל זאָגען איך מיז האָבען, איך וועל רויבען, איך וועל גזלינען, איך וועל טיהן אללעם שלעכטס כדי איך זאָלל האָבען. דאס קען דיר אויך שלעכט אויספאללען נאָך אויף דער וועלט, אין אויך צו דער קונפטיגער וועלט. — אצינד טייערע לעזער קענט איהר שוין אביסעל פערשטיין פין דעם תענוג אין פין דעם גן עדן וואָס דער מחבה האט געהאט, אז עס איז איהם לעכטיג אין ווארעם געוואָרין אין דעם קליינעם ציממערל בליל שבת. ווייל איך קען איהם גיט בטבע אז ער איז זעהר איין צופריעדענער מענש. ווען ער זאָלל נאָך זוכה זיין אז דער עזר . . . זאָלל נישט זיין כנגדו, וואָלט איהם נאָך פיעל בעסיר געוועהן כמאמר החכם: וטוב פת חריבה ושלוה בה מבית מלא זבחי ריב. אצינד דיא מחבה געה זינג שוין הנרות הללו.

* * *

איך האב גינעמין מיין טייערעס קראנקע קינד פאן דעם בעט אין האב עס אויף דיא הענד קישינדיג ציגעטראָגען צו דיא הנוכה לעכט אין דאָס קינד האט מיט דיא אויגען געקיקט צו דיא לעכט, אין איך פאר גרוים פרייד, האב איך צו דעם קינד גירעד: זעה מיין כשר קינד, אלפים ושש שנים מהגם הגדול של הנוכה ונר ישראל נר החשמונאים לא כבה. 2006 יאָהר איז זייט דער גאָטטליכער גרויסער נס פאן חנוכה איז געוועהן, אין דאָס לעכט פאן ישראל, דאָס לעכט פאן דיא מאַכאַבעער איז נאָך נישט אויסגעלאָשען! דאס איז איין איבערצייג אז עס איז איין וואַהרעס גאָטטליכעס לכט, אונד עס איז צו האָפפען אז בייא דיעזער הייליגער פלאַממע וועט דאס גאנצע פאָלק ישראל אללע זיינע ליכטע פאן זכרון ציון אָנצינדען.

דאן האב איך מיט דעם קינד געזינגען הנרות הללו, אין דאָס קינד האט מיך אָנגעקיקט אין דיא לעכט אזוי וויא דער האָהן אין בני אדם, נאָר מיט דעם אונטערשיעד: דעם האָהן פיהרט מען צו דער פינצטער אין דאָ האב איך מיין קינד געפיהרט צו דער גאָטטליכער לעכט. — פאר גרוים פריוד אין פערגניגען פאן שמחת הנפש, ווען דאָס קינד האט אויסגישטרעקט דאָס הענטעל אין האט מיר געצייגט מיט דעם קליינעם פינגער צו דיא חנוכה לעכט אין האט געזאָגט טאַטע — אָה — בין איך זאָ בעגייסטערט איז פאַנטאַזירט געוואָרען

אז עס האט זיך מיר גערעכט אזוי וויא דער היילינער מדרש זאָגט, אז ביי קריאת ים סוף האבען דיא קינדערליך געצייגט מיט דעם פינגער זה אלי ואנוהו. — בקצור איך האלט שוין ביי קידוש. — איך האב דאָס קינד צוריק אויף דעם בעט אנידער געלעגט.

## מלחמות האור והחשך

טייערע לעזער! שטעללט אייך פאָר אזוי וויא ביי איינע פער-ענדערונג דער גאָטטליכע נאטור בעפאָר איין גרויסען רעגען קומט איין שרעקליכער שטורמווינד אין פערוואָלקענט דעם גאנצען הימעל, דאן קומט דער בלויער פלאַם פון דעם בליץ אין טיהט יעדעס מאָל דיא פינסטערניסס פאן דיא וואָלקען איין אויגענבליק ערהעללען, זאָ וואר אויך דיא סצענע פאן דעם געגענוואָרטיגען טיש.

איך קען אייך גאָר נישט פאָרשטעללען מיינע טייערע ברידער וואָס פיר איין תענוג איך האב געהאט. ווען נישט דער שטן מיט זיינע אינטריגען זאָלל זיך נישט געוועהן אריין מישען אין דער מיט. בעפאָר איך האב מיך געזעצט צום טיש האב איך מיין פרויא אַפרעג געגעבען: מאַטעריל דיא קראנקהייט פאן דעם קינד איז אביסעל פערלייכטערט? דאָס קינד היסט נאָך שטארק? — דער ענפער איז געוועזין זעהר באָז, מיט איין קריגערישער שטימע, דיא ה—ד דיא ש—ר דיא ק—ן איך מיט דיא קינדער געהען אויס פאר ה......ר, זאָלסט דיר נעהמען דאָס קינד אין זאָלסט דיר געהען..... דאס קינד איז דערפאר קראנק......

— דיא ביסט אויך אפשר פאן דיא אנטיסעמיטען! האב איך איהר מיט איין שמייכעל געענפערט, וואס דיא זאָגסט איך זאָלל מיר געהן.

— איך זאָלל אזוי וויסען פאן דיר וויא איך ווייס וואָס דיא רעדסט צו מיר, עטעשמיטען! האט זיא מיר געזאָגט. דיא אזוינע אין אזוינער. אין האט פיעל מאָל איבער געחזירט דיא ערשטע שענד-ליכע ווערטער מיט איין גרויס קול. איך האב איהר געענפירט מיט גיטען אין האב איהר געזאָגט:

— שטילל דיא נאר, פאַר היגער היכט מען נישט. קום בעסיר צום טיש אין לאָז זיין שטיל, עס איז ביי אינז שבת קודש אין דאס גהינם רוהט אויך שבת. דערווייל איז ב״ה דאָ וואָס צו ע......ן אין מען מיז אללעס אָננעמען פאר ליעב. זעה מיין טייערע דער גרויסער

תנא ר׳ חנינה בן דוסה וואָס עד איז געוועהן אזוי פרים אין טייער בייא גאָטט ב״ה, אזוֹן וויא דער תלמוד ברענגט, אז איין בת קול האט צו איהם גערופען ,חנינה בני שבל העולם ניזן בשבילך, אז דיא גאנצע וועלט ווירד געשפייזט דערך דיין זכות ולסוף האט דער הייליגער תנא נישט געהאט מעהר וויא איין בסעל גערשטין מעהל משבת לשבת און איז געוועזן צי פריעדען... היינט מיר קליינע אין זינדיגע מענשען דארפין מיר אוודאי זיין צופרידען אין אָננעמין פאר ליעב. בפרט מיר האבען דעך עפים מעהר... בייא טיש לכבוד שבת וויא אביסעל גערשטין מעהל.

— יא, איך זאָלל זיין צופרידען? האט זיא מיר געזאָגט. מען דערצעהלט מיר דען נישט אז דיא עסט אין טרינקסט אין דער גאס, אין מיך מיט דיא קינדער לאָזטי אזוי פערהונגערן...

— יא מיינע טייערע, האב איך איהר געענפערט, דאָס וואָס דיא זעהסט נישט מיט דיינע אויגען דאָס גלייבסט דיא יא, אין דאָס וואָס דיא זעהסט יא מיט דיינע אויגען דאָס גלייבסטי נישט! דאָס וואָס פרעמדע דערצעהלען דיר, דאָס גלייבסטי, אין דאָס וואָס דיין טרייער מאנן זאָגט דיר, פאן דעם ווילסטי גאָר נישט וויסען. — ווען דיא זאָלסט מיט דיינע אויגען גיט בעטראכטען דיא פריידע וואס איך האב אז איך פערדיען אין קען דיר עס גלייך צי הויז ברענגען מיט פרייד, וואָלסטי אוודאי קיין פרעמדע אין שלעכטס... נישט געגלייבט. לאָמיר בעססער אָננעמען כאר ליעב, ובזכות זה וועט אינז השי״ת העלפען לחיים וברכה והצלחה בכלל ישראל. פאָלג מיך מיין טייערע קים בעססער צים טיש אין לאָז זיין שטיל.

זיא האט אלץ גירעדט מיט איהרע באָזע רייד, באשר מענשען זאָגען איהר פאר וואָס זיא קיקט מיך אָן, זיא דארף מיך שלאָגען איין ב—ה. איך האב איהר געענפערט אז עס איז גענוג שלעכט פין אזאָליכע שלעכטע מענשען וואָס זייא רעדין דעך צי צי זאָ איין שרעקליכער זאך איין פאמיליע צי צערשטערין!... ווען דיא ביזט קליג, דארפסט דיא גאָר נישט זייערע רייד פערנעהמען.

— שטאטש דיא אזוינער... עס איז מיר שלעכט!

— מיין קינד האב איך איהר גיזאָגט, עס איז אצינד שלעכט כמעט אללע יודען פאן דער גאנצער וועלט. מען קלעהרט פראגע וויא אזוי מען זאָלל אינז שטעהרין דיא פרנסה. האָסטי נישט געהערט וואָס עס

געֶהט פאָר מיט אינזערע ברידעֶר אין רוסלאנד, וויא אזוי מען פערפאָלגט זייא נעביך.

— עס איז ליגעֶן, עס איז קיינעם נישט אזוי שלעכט וויא דיר. דיא ווילכט נישט פ———ן, פאר וואָס יענער . . . פאר וואָס דער . . . פאר וואָס יעֶנעמס ווייב . . . פאר וואָס דעמס ווייב . . . געהט אזוי ———געטאָהן. קורץ מיט אזוינע רייד האט זיך גיענדיגט דער טיש פאן ש״ק. שטעללט אייך פאָר מיינע טייערע לעֶזער וואָס פאר א הנאה איך האב געהאט פין דער סעודה ראשונה.

## פערשיעדענע אונד פערמישטע טרעהרין

כשם שמברכין על הטוב כך מברכין על הרע שנאמר ואכלת ושבעת וברכת.

דאס מיינט מעֶן. אז דיא וועסט עססען אין דיא וועכט דיך ביים עססען גיט אָנזעטין מיט יסורים אינדעססין וברכת זאָלסט דיא אלץ בענטשען אין לויבעֶן גאָטט ב״ה אין אָננעמען פאר ל׳ עב.

## נאָך איין שטורם קימט איין רעגען.

איך האב אנגעפאנגען צי בענטשין ברכת המזון, עֶס איז שוין אביסעל שטיל געבליבען, דיא קינדעֶרליך האבען שוין געשלאָפען. דאָס קראנקע קינד האט אללע מאָל שטארק געהיסט פין דעֶם שלאָף, אונד איך בין געקימען צי דעם געבעט אין ברכת המזון, רחם נא ד׳ אלהינו על ישראל עמך ועל ירושלים עירך וכו׳ ערבארמע דיך גאָטט אינזער גאָטט אויף דיין פאָלק ישראל אין אויף דיין היילינער שטאָדט ירושלים א. ז. וו. האט מיך שטארק אנגעגריפעֶן אין דיא טרעהרין האבען באנעצט מיין טיש. איבערהויפט בייא רצה אין בייא בונה ירושלים בב״א האט איין רעגען פאן טרעהרין געפלאָססען פאן מיינע אויגען. מיין ווייב האט גיזעֶהן אז איך ווין האט זיא אויך אָנגיהויבען צי וויינען, אין מיט דעם מויל האט זיא גירעד אבער אביכעֶל שטיללער וויא פריהער, שוין נישט מיך שטארק באליידיגט. איך האב גיענדעט דיא ברכת המזון אין האב זיא גיבעטין זיא זאָלל נישט וויינען, ווייל ע״פ דינא טאָר מען אים שבת נישט וויינען, איבערהויפט שבת הנוכה מיז מען אוודאי פריילֹיך זיין. אויף דיא רייד האט זיא מיר גיעֶנפירט: אפילו וויינען ווערט עֶר מיר אויך! איך זאָלל זיין פריילֹיך שבת הנוכה! ער האט דאָ גימאכט 3 אָדער 4 קיגלען, ער האט דאָ געמאכט דעֶם ברייטען שבת! נישט מעֶן

כ—ה אויך ד״ר מיט דיינע ש——ם אין דאָס אנדערע פּאר וואָס האָסטו פריהער אזוי גיוויינט? דיא מעֶגסט?

— אַ׳ דיא נאַר, האב איך א׳הר געזאָגט, עס איז פערהאנדען פעֶר־שידען גיווין. דיא וויינסט פאר וואָס דיא האָסט נישט קיין 3 אָדער 4 קיגעלן! אין איך וויין וואָס דאָס שט״יסעל איז אינז שוין אזוי לאנג צי בראָכען אין מיר האבעֶן נישט א פּאָדעם פּ׳ן זאמד אז מיר זאָל־לעֶן עס צוזאממען נעהען, אז מיר זאָללען מאבעֶן איינעם אין איין שטארקען קיגעל . . . . . . .

— דיא זאָלסט אזוי וויססען פּ׳ן דיין ג——ד צי דיא ווייסט וואָס דיא רעדסט!

— אָמן, האב איך אידהר גיענפערט.

— אָמן אָמן אָמן! האט זיא דרייא מאָל געשריגען, אין האט שוין איינגעשלאָפען בשלום.

איך בין געבליבען זיצען גאנץ אליין מיט דיא הענד אָנגישפארט ביים קאָפּף אין האב זיא שטארק בעדויערט. אך מיינע ליעבע פּרויא דיא שעלסט מיך דיא באלעדיגסט מיך, דיא ביסט נישט שילדיג אין דער זאבע, נאָר דיין קורצעֶר פערשטאנד. ווען דיא זאָללסט וויססען מיין הערץ, וואָלסטי מיך בוודאי נישט גיערגעֶרט. איך ווייס דיא ביסט נישט שילדיג, איך ווייס אז דיין העֶרץ איז זייער גיט אין אנדערע הינזיכטען ביסט דיא זייער בראוו — נאָר דיין שלאנגעֶנדיג מויל דאס באָזע. דאָס ברענגט דיך דעֶרצי. — איך ווייס אז דיא ל׳יידעסט נויט, אבעֶר דיא זאָללסט מיך אויך בארעב׳נען אין וויססעֶן צו קעננען! עס איז מיר דען וויניג אז מה׳ץ שבלה הרב . . . . דארף נאָך זיין ובבית מר ממות . . . נאָ איך בין ש׳ון שלעפריג, איך וויל אביסעל ריהעֶן לכבוד שבת. — יא מיר איז גיט צי ריהען, ווער ווייסט אבער וואָס אינזערע ברידער אין רוסלאנד טיהען? צי לאָזט מען זייא ריהען שבת?

---

# הגיוני לבי

איידער איך הער אנשלאָפּין וועל איך מיין געפיהל מיין פּאָלק ערצעהלען.

טייערע ברידעֶר! דאָס איז מיין אֶמת געפיהל צי דעֶם טייערען צ׳על ופדויי ד״ ישובון ובאו ציון ברנה ושמחת עולם על ראשם ששון

ושמחה ישיגו ונסו יגון ואנחה. אינזערע רייכע ברידער זאָללען פאן אינז אָרימע איין מוסטער נעהמען, אז ביי א זאָ איין נידריגע לאגע ביי דער קלענסטער קלאססע יודען אונד ארמע געפינט מען איין געפיהל וועגען הייליגען צוועק, היינט וואס דארפען נאָך טהן דיא ראשי ואלופי ישראל וועגען דעם טייערן געדאנק? וואָס אויף איך איז דאָס מיטטעל, אזוי וויא דער נביא יחזקאל זאָגט: ואתם הרי ישראל ענפיכם תתנו ופריכם תשאו לעמי ישראל כי קרבו לבוא... דערווייל אַ גיטע נאכט מיינע טייערע ברידער, איך מיז מיך אביסעל אָפּריהען, עס איז שבת.

אידער איך בין איינגעשלאפען איז מיר אין מיינע געדאנקען פאָרגעקימען פאָלגענדעס:

עד אנה ד״ תשכחני נצח
עד אנה ד״ תסתיר את פניך ממני
אַך גאָטט וויא לאנג וועסטי אין אינז פערגעססען
אין פאָן אינז זיין צוריק געצויגען
ביז וויא לאנג נאָך וועלין אינז דיא צרות פרעסען
אין פין אינז וועסטי זיין פערהוילען?

עד אנה אשית עצות בנפשי יגון בלבבו יומם
עד אנה ירום אויבי עלי
ביז וויא לאנג נאָך זאָלען מיר אין אינזערע זעעלע אנשלעגע פאסען
אין מאכען אינז טרויערן אינזערע הערצער טאג אונד נאכט
ביז וויא לאנג נאָך וועלין אינז דיא פיינדע (אנטיסעמיטען) האסען?
אין אינז צי אונטערדריקען מיט זייער מאכט

וויא לאנג וועסטי לאָזין דיין פיינד ערהעבען
איבער דיין גילויבט פאָלק ישראל?
אַך גאָטט! זעהע נאָר פאָם הימטעל פין אויבען
וויא מען פערפאָלגט אינז אללע מאָל

מען רויבט, מען פלינדערט גאָר אָן רחמנות
אזוי וויא אין דער אלטער צייט
מען שלאָגט מען הרגיט מען נעמט צי דיא פרנסות
אין מען יאָגט אינז פאן דער היימאטה גאנץ ווייט

זעה צי גאָטט דאָס בארבארייא
אין געפעהרליכען גלות
פאן נאָרד אין דער מאָסקאָווייא
ווּיא מען טהיט אינז אָן גרויסע צרות
הביטה עננּי ד׳ אלהי
האירה עיני פּן אישן המות

מען שלאָגט מען טרייבט פאן דיא דערפער
ווייבער אין קינדער ליידען נויט
נאקעט אין באָרוויס לויפען זייא אין דיא פעלדער
געהען אום פאר א שטיקעל ברויט
פן יאמר אויבי יכלתיו
צרי יגילו כי אמוט.

מ״ק

אז איך וועל איה האבען איין גיטען חלום וועל איך אייך מיינע טייערע ברידער אללעס ערצעהלען — דערווייל אַ גיטע נאכט — איך שלאָף שוין.

* * *

אינזערע חכמים ז״ל אין פרק הראה איבערצייגען אז דיא רעיונות אין געדאנקען וואָס דער מענש טראכט אין האט אין זינן בייא טאָג, קימען איהם פאָר ווידער בייא נאכט. נישט אזוי אין דיא זעלבע פארבען זאָג. דערן אביסעל אין פערשיעדענע בילדער. — דער שר ההלום איז דאָ געקימען צים מחכה אין האט ציזאממען געגעמין דיא אללע מקרה היום דיא אללע פאָרשטעללונגען אין אללע פאסירונגען, היינה דיא לאנד-שאפטען מיט דיא געבירגע, דאס וואלד מיט דיא ווילדע טהירע, דיא אללע געמעלדע פין דעם סימבאָלישען וואגען מיט דעם קאָניג סאָלאָמאָן וואָס דער מחכה האט בייא טאָג געבען איהם גיוויינט, דיא שרייערס מיט דיא לעשערס, דיא חנוכה לעבט מיט דעם קראנקען קינד, דיא טרעהרין פאן רצה אין דיא טרעהרין פין דיא דרייא קיגלען, פאן ליכט אונד פינסטערניסס, דעם מלך חכם מיט זיין ווילדען זיהן, קורץ ער האט דיא אללע ארטיקלען צוזאממען גינעהמין אין האט זייא פערמישט מיט זיין גרויסע קונסט, אין האט זייא אנידער גישטעללט פאר דעם מחכה״ס אויגען, ער זאָלל האָבען וואָס זיין פאָלק צי דערצעהלען.

חלק שני

# חזיון ליל

(איינע נאכט פאסירונג)

(פאנטאזיע)

מן שבת קודש

פרשה וישב יעקב בארץ מגורי אביו . . . . .

שנת תרמ״ב.

# פערזאנען

## וואָס קוממען פאָר דאָ אין דעם ספר.

**סודיאל** ער איז פאָלקאָם אין סודות התורה אין אויך אין דער דיפלאָמאַציע בישראל אין דיא פערשיעדענע כתות וואָס עקזיסטירען יעצט צווישען דיא יודען איבער ישוב ארץ ישראל.

**מחכהאל** ער האָפפט מיט דעם גאנצען הארץ לנחמות ציון וירושלים אין דיא יודען זאָללען זיך אימקעהרין קיין ארץ ישראל.

**נסיאל** ער גלייבט מיט דעם גאנצען הארץ אין דיא ניסים ונפלאות וואָס גאָטט האט גיזאָגט צו דיא נביאים.

**שאלתיאל** ער פרעגט שאלות פאר וואָס גאָטט פערזאָממט אזוי לאנג דאָס גלות ישראל אין שפילט דיא גרעסטע ראָלע דאָ אין דער געשיכטען

**דבריאל** ער רעד תמיד גיטס פאר דיא יודען צווישען דיא פעלקער,

**יורדיאל** ער לערינט דיא יודען תורה אין גאָטטעס געזעצע לטובת ישראל.

**סופריאל** ער שרייבט שטענדיג אין דערמאננט דיא גיטע טהאטען פין דיא יודען צווישען דיא פעלקער.

**צופיאל** ער קיקט מיט דעם גאנצען הערץ ער זאָלל גיטס טיהן דעם כלל ישראל אין איז בעזאָרגט דורך זייערע צרות.

**נחמיאל** ער טרייסט דיא יודען צווישען דיא פעלקער.

**עשריאל** ער איז א גרויסער עושר אין איז א אנגעזעהענער מענש צווישען דיא פעלקער.

**קדושיאל**
**חסידיאל**
**ישריאל**
דאָס זענין דיע וואָס זענין אימגעקימען אויף קידוש השם פיר זייער הייליגעס לאנד.

**שיריאל** ער זינגט צו דיא יודען שובי שובי השולמית שובי אל ארץ אבותינו מקרב העמים, קעהרט אייך אים צים לאנד פין אייערע עלטערן איהר יודען וואָס איהר זענט פארשפרייט צווישען דיא פעלקער.

**זמריאל** זאָנגער וואָס זינגען אין גלות זמירות ישראל יודישע לידער.

**שבחיאל** ער לויבט גאָטט אין זיינע געזעצע פאר אללע פעלקער.

**יחדיאל** וואָס פעראייניגט דיא הערצער פין דיא יודען וואָס זענין פערשפרייט צווישען דיא פעלקער אז זאָללען זיין איין פעראייניגטעס פאָלק אין זאָללען זיך אימקעהרין קיין ירושלים.

דיא אללע פערזאָנען וואָס זענין דאָ אויסגירעכינט, ריפט זייא דער מחבה אין דער נאכט פאסירונג „הרי ישראל״ אין צו זייא שרייבט ער דעם בריעף אין דעם הזיון ליל.

## חלק שני

# חזיון ליל

## (איינע נאכט פאסירונג)

### (פאנטאזיע)

דער מהכה שלאָפט זייער לאנג — מיט זייער אַ טיפען שלאָף — ביז וויא לאנג נאָך וועסטי דאָ שלאָפען? . . . .

עס האט זיך איהם גידאַכט אז ער איז אין זייער א גראָסעס גע־דעכטעס וואלד אונד ווילדע טהרע לויפען איהם נאָך זייא זאָללען איהם צעררייסען. ער וויל אנטלויפען פין זייא, אבער דאס וואַלד איז זעהר גידעכט, עס זענין דאָ פיעלע דאָרנער וואָס פערהאלטען איהם זיין וועג. — אויף איינמאָל הערט ער איינע ליעבליכע שטיממע „קומו ונעלה ציון אל ד׳ אלהינו״, „שטעהטס אויף לאָמיר אייפגעהען קיין ציון צי אינזער גאָטט!" — דיא ליעבליכע שטיממע האט איהם זעהר דערפרייד, ער האט זיך דורכגידרעננגט דערך דיא דאָרנער אין איז ארויסגעקוממען אויף זעהר איין שעהנעם שאָססע, עס איז איהם לעכטיג גיוואָרין אין זיינע אויגען, ער האט גיזעהן זעהר איין שעה־נעם טראוכף וואגען, וואָס ער האט נאָך אזוינס נישט גיזעהן זייט ער לעבט, אונד פיעלע אָרימע יודען לויפען דעם וואָגען נאָך. ער האט גיזעהן נישט וויט פאן דעם שעש זייער פראָכטגע אונד אנ־טיקעשע געברגע מיט זעהר שעהנע פלסע. ער האט גאָר נישט געוויסט וואָס דאָס בעדייטעט. — ער איז אויך אהין געלאָפען ער זאָלל זעהן וואָס דאָס איז. — וויא ער איז שוין נישט וויט גיוועהן פין דעם טראוכף וואגען הערט ער איין שטיממע פאן דעם גרויסען געצירטען וואגען שרייען: מהכה! מהכה! דיא ביזט אויך דאָ? מיין בעסטער פריינד קים צי נעהנטער צי מיר מיט דיין ברכת השלום!

איך האב מיך זעהר געווינדערט, ווער קען מיך פין זוי איין טייערן טריאומף וואגען מיט זאלכע גראָסארטיגע און גיקראָנטע נויבלע מאננער ריפען? אזוי איין אָרים מאן ווי איך בין? און אזוי אָרים גיקליידעט וויא איך בין! איך האב מיך פשוט גשעהמט גאָר צו צו־געהען צו דעם גראָסארטיגען וואגען.

— קום אהער דיא נאַר, שעהם דיך נישט. דיא מעגסט אפילו ארויף שטייגען אויף דעם וואָגען.

איך האב ארויף געשטיגען אויף דעם שעהנעם טריאומף וואָגען און האב מיין האנד גישטרעקט לשלום צו אללע גרויסע לייטע פין דעם טריאומף וואגען. זייא האבען מיר אללע מיט פרייד און מיט שלום גיענפערט. דער גאנץ עלטעסטער פאן דעם געהערטען צוג האט מיר גיזאָגט: מיט פרידען ביסטו צו אנז געקיממען! יעצט אז דיא ביסט אויך דאָ וועלין מיר זיך מיט דיר איין עצה האלטען וויא אזוי מיר זאָללען דעם גרויסען צוג אוף דעם בארג ציון ארויף פיהרען, וויל עס איז שוין שפעט סע איז ערב שבת. —

— דיא אָרימע לייטע וועלין אוך מיטהעלפין מען זאָלל איהם קעננען ארויפשטייגען מיט פרידען! האב אך זייא געענפערט, לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי אמר ד" צבאות.—

— יא, האב איך זייא גיפרעגט, מיינע גרויס געעהרטע וואָס איז דאָס וואָס איך זעה נאָר אָרימע אונטערשטיצען דעם גרויסען טריומף צוג?

— יא, האט מען מיר געענפערט, עבען דאס איז יא דיא שוויע־ריגקייט, ווען דיא רייכע זאָללען אויך ציטשטעהען, וואָלט מען באלד דעם צוג ארויפגעפהרט גאָר אָהנע גרויסע מיהע. דערוויל שטעהען דיא רייכע פאן דער וויטענס. עס איז צו האָפפען אז זייא וועלין אויך אי"ה באלד בייא דער גרויסער זאכע טהייל נעהמען. איך וועל זייא מיט איין פרידענס בריעף אהער ברענגען.

איין שטיממע פאן דיא אָרימע האט געריפען: דיא רייכע דארף מען נאָך געהען ריפען, זייא זעהען נישט אז דאָס פייער איז לעבען זייא און וויל זייא פערברעננען!

איין אנדערע שטיממע האט געריפען: זענען זייא דען ח"ו דיא אוי־גען פערבינדען, וואָס זייא זעהען ניט פאן דעם פייער ארויסציגעהען?

— דער מחבר האט געזאָגט: ניין ברידערליך, זיא זענען דעך אינזערע אייגענע ברידער, קאָנטרער מען דארף זייא דיא אויגען ער־

לייכטען, ניט ח״ו פעֶרבינדען, זייא זאָללען וויססעֶן אז אצינד איז דער שעת הכושר ואם לא עכשו אימתי? מעֶן דארף זייא נאָר זאָגען דאָס וואָ״ט „כי אם החרש תחרישי בעת הזאת (ואחשבה לדעת זאת עמל הוא בעיני עד אבא אל מקדשי אל אבינה לאחריתם) רווח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר וכו׳.... איך האָפף צו השי״ת אז זייא וועֶלין שוין אויך באלד לויפען. דיא לעבטיגע אונד מעכטיגע פעלקער וועלין זיא אויך צו דער זאך באוועֶגען.

אויף דיא וואָרטען איז זעהר איינע געציערטע פערזאָן ארויס געקוממען פאן צווישען דיא געבירגע אין האט געֶגריסט דעם גאנצען צוג זעֶהר העפליך, אין מיט א הרע אויגעֶן האט זיא געקוקט צו דעם טראינף וואגען אין צו דיא דיקע ביכער מיט דיא שריפטען וואָס זענין געלעגען אויף דא טרעפ פין דעם גרויסען פראֶכטיגען סימבאָל וואגען. דער עֶלטעכטער פאן דעם צוג האט דא פרוא גיפריגט נאָך וואָס זיא איז אצינד געֶקימען, האט זיא גיעֶנפערט אז זיא איז אויך געקימען אינטערשטיצען דעם גאָטטליבעֶן צוג.

— תבא עליך ברכה! האט איהר דער אלטער גרייז גיענפערט.

— נאָר אך מיין, האט דאס פרייליין געזאָגט, אז עס איז דאָ איין זייטעֶן וועג וואָס מען קען ליכטער דעֶם גרויסעֶן צוג ארויפנעהמען, אז מען זאָלל דיא אלטע אונד דיקע ביכער מיט דיא פערשידענע שריפטען אראָפּווארפען, וועט מען קענין גיכעֶר ארויף צוהען.

אויף דא רייד האט איהר דער אלטער גרייז גיענפע״ט:

— זעה דיא שעהנע ברוטע, דא ביסט אביסעל געפארבט, דיא הייסט מיר געהען מיט דעם זייטעֶן וועג, דיא ווייסט ניט אז נעבען דעם שמאָלען וועֶג איז דער גרויסער טהאַל גי המון גוג, ווילסטי אז איך זאָלל מיך מיט מיין צוג אין דעם טהאָל איבעֶרקעהרין!.....

אין דאן הייסט דיא מיר אז איך זאָלל מיינע טייערע ביכער אין דיא הייליגע שריפטען ארינטער ווארפען. ניין מיינע פריינדין, נאָר דאָס וועסטי בייא מיר נישט פוילין, איך מיז מיט מיין צוג אויף דעֶם געֶראדען וועג ארויף צוהען. (אוליכם אל נחלי מים בדרך ישר לא כשלו בה כי הייתי לישראל לאב ואפרים בכורי הוא). איך וועל זיא פיהרען צו איין אָרט פאן טיכען וואססער, אויף איין גלייכען וועג וועל איך זייא פיהרען, זייא וועלין אויף דעֶם וועג נישט געשטרויכעלט וועֶרין, דען איך בין איין פאטער צו ישראל אין אפרים איז מיין עלטעסטער

זיהן. — אונד מיינע אלטע ביכער דיע קען איך אוודאי נישט אוועק
ווארפען, ווייל זייא זענין דיא שריפטען אין מיין ציינג'ססס וואָס מיין
פאטער גאָטט האט מיטגעגעבען מיינע קינדער בשעת ער האט זייא
ארויסגעשיקט פאן דעם פאלאסט, אז ווען זייא וועלין זיך אמאָל אום
קעהרין זאָללען זייא מיטברענגען דיא ציינגניססע אהיים, אז דיא וועלט
זאָלל זעהען אז זייא זענין זיינע קינדער ישראל אשר בחר ד׳.

דאס פרייליין האט זיך געוואָלט פערטיידיגען, אין האט גיבעטען
דעם אלטען גרייז אז ער זאָלל איהר מוחל זיין, אין האט געזאָגט:
גלויבען זיא מיר, אלטער פאטער, דאס מיר טהוט אויך וועה מיין
הערץ אויף דיינע קינדער, איך בעט אויך אין ווין אויך אללע טאָג
אז דער עוויגער זאָלל צוריק אימקעהרין דיינע קינדער פאן דעם גלות
אין זאָלל זייא באזעצען אויף זייער מקום מנוחה.

אויף דעם האט ווידער דער אלטער גרייז איהר געענטפערט אז
וויינען אין בעטען קעננען גענוג מיינע קינדער, ווארין הקול קול
יעקב, מען דארף נאָר והידים . . . . . דאס הייסט דיא קראפט. דאן
דיא ווייסט אז איך בין איין אלטער ערפאהרענער מענש, איך האב
זעהר ליעב דעם אמת, ווארין פאר דעם אמת האב איך מיך גילאָזט
ווארפען אין פייער אריין. דיא דערצעהלסט מיר אז דיא וויינסט אויך
אויף מיינע קינדער, עס איז אבער דאָ צווייערלייא טרעהרין, אמת'י
אונד פאלשע. איין פרויא וויינט זיא וויל איין נייעם סאמעט מאנטעל
אין מאכט הן פאר איהר מאַן ער זאָלל איהר קויפען. דיא אנדערע
וויינט נעבעך זיא וויל א שטיקעל ברויט אין זיא האט עס נישט.

איינע גוט בעזיצערין וואָס זיא האט נישט לאנג בעקוממען איין
נייע מאשינע אויף דעם אינזעל ציפערן מיט גיטע וויינען אין גע-
טרענקע, האט זיא נאָך פיעלייכט השק צו דיא שבע מינים שנשתבחו
בהם א״י אויך! — אין איינע אנדערע וויינט אין יאָמערט נעבעך
אויף איהרע אייגענע קינדערליך וואָס זייא זענין פאן איהר פערטרי-
בען געוואָרין, אין זיא האָט זייא שוין נישט גיזעהן באלד צוויא טוי-
זענד יאָהר, אין געהט מיט איין זאק אנגעטיהן אין קלאָגט אין וויינט
אין וויל זיך נישט טרייסטען. אין אז דיא ווילסט קען איך דיר זיא
וויזען, זעה דאָרטען אין רמה ווערסטו פארנעהמען איין יאָמער מיט
איין קלאָג, רחל מבכה על בניה מאנה להנחם על בניה כי איננו.

דאס קליינע פרייליין האט אויך פערשטאנען אז דער אלטער גרייז

האט רעכט. — דער אלטער גרייז האט ווידער געזאגט צו דער קליגע פריילין: איך זעה דעך אז דיא ביסט צוערייט געקוממען אויף מיין פערלאנגען, נאָר דיא האָסט נישט געוויסט וויא אזוי מיין פערלאַנגען איז, דאָס ביסטי נישט שולדיג — נאָר ווייל דיא ביזט צו אללעם ערשטען געקוממען, וועל איך דיר געבען איין שליחות. דאס הייסט דיא זאָלסט מיטארבייטען אין מיינע פערלאנגען אין מיין וויללען. הער מיך צי דיא שעהנע בריטא, זעה דאָרט פאָן וויטענס אויף יענע געבירגע, דאָרטין וואוינען דיא אָקצידענט פעלקער, דיא קענסט זייא גוט, דיא ביסט מיט זייא איינפערוואנדעט, אין רעלאציאָן, געה צי זייא אין בעהט זייא פין מיינעט וועגען, אין גיב זייא צי פערשטיין אויך דיא פערלאנגען פאן גאָט דעם אללמאַכטיגען, אין שפרעך צי זייא: שמעו דבר ד׳ גוים, הערט צי דאס וואָרט גאָטטעס אהר פעלקער, אין זייא זאָללען דאָס זאָגען אין דיא וויינע אינזעלן. וואָס זאָלסטי זייא זאַגען, אין וואָס זאָללען זייא זאָגען דיא אנדערע פעלקער, אזוי מיט דיא רייד:

טהייערע לעזער הערט איין פאנטאזיע פין איין הלום מיט טאַטשען פערשיעדענע:

מזרה ישראל יקבצנו (ירמיה׳ ס׳ ל״א), דאס הייסט, איהר אָקצידענט פעלקער וואס איהר זענט גיוועהן דיא שלוחים פין גאָטט אז איהר זאָלט דאס פאָלק ישראל צוזעהען אין צושפריטען אויף דער וועלט, אצינד האט אהר דאס שליחות אז איהר זאָללט זייא פערזאמלען צוריק אויף זייער פלאץ, אין ביים פערזאממלען (ושמרו כרועה עדרו) זאָללען זייא דאס פאָלק היטען אזוי וויא איין פאסטעך היט אָפּ זיינע שעפעליך פאן דיא וועלף . . . כי פדה ד׳ את יעקב וגאלו מיד חזק ממנו. אין אז זייא וועלין נישט וועלין, זאָלסטי זייא זאָגען אז גאָטט ב״ה וועט אליין אויסלעזען יעקב׳ן אין וועט איהם בעפרייען אוים דער האנד דער שטערקערן. אהר דארפט נאָר זיין דיא גיטע שלוחים, איהר וועט דאפר פאן גאָטט גיטע בעלוינונג האבען, אין דיא שעהנע בתולה בריטא ווירסט דיך פרייען ביים טאנצען . . . (אז תשמח בתולה במחול ובחורים וזקנים יחדיו וכו׳). —

יעצט דיא שעהנע פריילין מאכע דיין מיססיאָן אין דיא מחכה מאכע אויך דיינע מיססיאָן בשלימות אין שרייב איין בריעף צי דיא הרי ישראל אין דער טייערער מיטער רחל, עס איז דאָ איין האָפ-

נונג אין דער צוקונפט, ווען? ושבו בנים לגבולם! אז דיא קינדער וועלין זיך אליין איינקעהרין צי זייער גרענצע...

שאלתיאל דער פריינגער האט דא גיזעהן אז דער מחכה איז דא אגאנצער קהל־סמאנן, האט ער איהם אנגעפאנגען צו פרעגן שאלות. דיא ערשטע פראגע איז גיוועזען: פאר וואס גאט ב״ה שיקט נישט איין גאטטליכען שלוח, איין נביא, אז ער זאלל דיא קינדער ישראל צוזאממען נעהמען, אזוי וויא עס איז גיוועהן אין מצרים?

אויף דעם האט דער מחכה גיענטפערט: העראוים מיין פריינד, איין שלוח דארף מען נאר שיקען ווען מען דארף איינע נייע זאכע פארברענגען. צ״ב אין מצרים איז גיוועזען פאר קבלת התורה, דיא יודען האבען גאר פערגעססין זייער שטאמם, זייא האבען שוין גאר נישט געוואוסט צו עס איז דא איין גאטט, זייא זענין גיוועזין היידען אזוי וויא דיא אנדערע פאלקער, אין פרעה איז אויך גיוועזען איין הייד, ווייל ער האט געזאגט לא ידעתי את ד׳ וגם את ישראל לא אשלח. האט גאטט געשיקט זיין נביא משה אז ער זאלל אויפמונטערן דאס פאלק ישראל צו גאטט אונד צו זייער שטאממ אברהם יצחק יעקב, אין זאלל דעם פאלק איינע הייליגע תורה געבען, אין זאלל זייא ברענגען אין דעם לאנד פאן זייערע אלטערן, אויך פרעה מיט זיין פאלק האט מען אויך בעדארפט וייזען מיט וואונדער אז עס איז דא איין וואהרער אין אמתדיגער גאטט דער גאטט פין ישראל. אבער יעצט ווייסען אללע יודען זייער שטאממ, ווייל זייא האבען דיא הייליגע שריפט וואס מען האט זייא מטגעגעבען אין גלות אריין, אין דארטען שטעהט געשריבען שובו אלי ואשובה אליכם, קעהרט אייך אום צו מיר וועל איך מיך אומקעהרין צו אייך, אין ווייסען גאנץ גיט וואס מען מיינט. אויך דיא געגענווערטיגע פעלקער גלייבען אויך אין גאטט אין אין זיינע רייד, אין ווייסען גיט אז א״י איז דיא נחלה פין דיא יודען. דארביער דארפען נאר זיין דיא שלוחים דיא מלכי החסד, אונד דיא יודען זאללען אויך מיטארביטען צו דער הייליגער זאכע, מיט דעם גאנצען הערצען, דאן והיו מלכים אומניך, וועלין קאניגע זיין דיינע ערציהער.

נסיאל פרעגט דעם מחכה איין אנדערע פראגע, עס איז דעך געשריעבען ע״י הנביאים „ביום צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות״, אזוי וויא אין דער צייט ווען איך האב דיך אויסגעצויגען פאן מצרים

אזוי וועל איך דיר צייגען וואונדער! אלזאָ וויא זענין דיא וואינדער?

אויף דעם האט דער מהכה געענפערט: איך וועל דיר איין בייא-שפיעל געבען וואָס דיא קענסט אהם ליכט פערשטעהען. עס גיבט איין פרויא וואָס זיא סעקירט איממער דעם מאנן, פאר וואָס יענעמס ווייב געהט שעהן געקליידעט אין האט אללע גוטע שפייזען צו עססען אין איך בין אזוי יונג אין שעהן, און איך האב בייא דיר קיים דאָס שווארצע שטיקעל ברויט, ווייל דיא ביזט איין טויגע ניכטס, אין סע-קירט איממער מיט דיא וואָרטען אהר מאנן. — איין מאל איז דעם נאכבארס פרויא קראנק געוואָרין און האט פיעל צייטען גיקרענקט, מען האט צוגעצראכט דיא אלטע גוטע שפייזען, זיא האט נישט אמאָל גיקענט פערזוכען, ביז זיא איז אָפּגעשטאָרבען. עס איז אללעס פער-ניכטעט געוואָרין, אהר גאנץ האב אונד גוט. קורץ עס איז פאן אהר קיין זכר ניט געבליבען, ווייל קיין יורש האט זיא נישט געלאָזט. — דער אנדערער נאכבאר ריפט זיינע פרויא אונד צייגט איהר, זעהסטי מיין קינד, דאָס גאנצע פערמעגען פאן יענער נאכבארין איז צו גרונדע געגאנגען מיט איהר נאמען מיט דעם גאנצען גיטס, אָבוואָהל זיא האט געהאט אללעס גיטס צו עססען אין צו טרינקען, אין דיא מיינע טייערע לעבסט אין ביסט שעהן און יונג, אין מיר האבען נאָך דיא האָפפנונג אז מיר זאָללען נאָך אין א גיכער צייט קוממען צו דער ירושה וואָס עס איז אונז געבליבען פאן אינזער גראָספאטער, אונד דאמאלס וועט אינז ערשט גוט זיין,

דאָס איז דאָס נמשל נסיאל. דיא פרעגסט אויף נסים, זעהסטי דען נישט דיא נסים ונפלאות הבורא ית"ש מיט דיינע אויגען, אז דיא פעלקער דיא שטארקע וואָס זייא האבען דיך חרוב געמאכט איז פאן זייא גאָר נישט געבליבען קיין איינציגע שריפט, אין דיא וואָס דיא ביסט שוואכער גיוועהן פאן זייא אין ביסט זעהר פיעל אויסגעשטאנען זעה וויא דיא לעבסט אין ביסט נאָך זעהר שעהן אין האָסט נאָך דיין הייליגע שריפט אויך בייא דיר, אין וועסט נאָך ערלעבען לקץ הימין דיא נסים ונפלאות אשר דבר ד' ע"י עבדיו הנביאים, דיא וואונדער וואָס גאָט האט גירעד דורך דיא נביאים דיע וועלן אויך זיין אז דיא יודען וועלין שוין זיין צו אדמתם אויף זייער ערד מיט איין קאָ-לאָניע. דאָס מיינט כנען אז עס וועלן קימען ווילדע פעלקער צו ריצען דיא יודען אל אדמתם, דאמאלס וועט השי"ת וויזען זיינע גרויסע נסים ונפלאות.

היינט לאָמיר נאָר גיט בעטראַכטען מיט דעם כח השכל אינזערע הייליגע שטאָט ירושלים, וואָס עס איז מיט איהר פאָרגעגאַנגען, וועלין מיר אויך זעהן דיא גאָטטליכע נסים. — באַרעכין נאָר ברידער נסיאל, וויא פיעל מאָל איז דיא הייליגע שטאָדט חרוב געוואָרין פאַן דיא היידען שוין נאָך דעם חורבן, איגדעססען האבען זייא שפּעטער דיא שטאָדט אלץ געהאלטען פאַר הייליג, אין האבען זייא גערופען מיט דעם נאמען „Aelia Capitulina“ דאס מיינט מען דיא גאָטליכע קאַפּיטאלע. היינט נאָך שפּעטער ווען דאס קריסטענטהום האט אופגעבליהעט, האבען זייא אוודאי דיא שטאָדט ירושלים פערהייליגט, כידוע לכל. דערנאָך ווען דאָס מוסעלמאַנישע גלויבען האט אויף געבליהעט, האבען זייא ווידער דיא שטאָדט וועגען זייער גלויבען פערהייליגט, ביז עס איז אינטער זייא גרוכע מלחמות אוסגעבראָכען, אין עס איז פיעל בלוט פערגאָססען געוואָרין אזוי וויא וואססער, אזוי וויא מיר געפינען אין דער וועלטגעשיכטע, פאַן דיא קרייצגער, ביז עס איז אביסעל שטילל געבליבען, אין דא שטאָדט ירושלים איז געבליבען הייליג ביא דיא קריסטען אין ביא דיא מוסעלמעננער נאָך עד היום. — ווייסטי ברידער נסיאל פאַר וואָס דאָס איז? וויל עס דארף מקוים ווערין דיא ריד פאַן גאָטט ב"ה (ישעיה ס"ב) על חומותיך ירושלים הפקדתי שומרים כל היום וכל הלילה תמיד לא יחשו. אויף דיינע מויערן ירושלים בעשטעלע איך וועכטער דען גאנצען טאָג אונד דיא גאנצע נאכט, זאָללען זיא נישט שווייגען..... דאָס איז דער גאָטטליכער נס, וויל גאָטט ב"ה וויללען איז אז דיא שטאָדט ירושלים זאָלל אימממער אין אנדענקען בלייבען בייא דא קינדער ישראל, אין איהר געשיכטע זאָלל א ממער בלייבען, אויך בייא דיא אנדערע פעלקער ביז דיא רעכטע צייט וועט קיממען...

אנאָ לאָמיר זעהען דיא אנדערע רעזידענץ שטאָדטע, פאַן דיא אלטע אנטיקע פעלקער, צי איז פאַן זייא אפילו איין שפאָר געבליבען. צ"ב ננוה אָדער צור וצדון א. ז. וו. — נאָ ברידער נסאל, דארף מען נאָך גרעססערע נסים? מיט רעכט האט הרב הגאון מלבים ז"ל געטייטשט דעם פסוק פאַן דיא שלש עשרה מדות: אזכרה אלהים ואהמיה בראותי כל עיר, איך זעה דיא גאנצע שטאָדט רושלים על תלה בנויה איז אויף איהר בארג געבויעט נאָר ועיר אלהים משופלת עד שאול תחתיה, נאָר עס פעהלט איהר דיא גאָטטליכע שטאָדט,

וואָס זיא איז אזוי ארינטער גיזעצט ביז צו דעם אבגרונד . . . . . .

שאלתיאל פרעגט ווידער איין פראגע, פאר וואָס קימט עס אז יודען זאָללען אזוי פיעל לידען אין גלות, ווען איין פאטער איז בײז אויף איין קינד שטראָפט ער עס, אבער מיט איינע געוועהנליכע שטראפע, אז דאָס קינד זאָלל קעננען לײדען. אין מיר לײדען שוין אזוי פיעל צייט גאָר אָן אויפהערונג, השי״ת איז דאָך איין רחום וחנון אין ער האט אינז צו געזאָגט וגאלתיך, צום סוף זעהען מיר נישט?

דער מחבר ענטפערט איהם: דיא פרעגסט אזעלכע פראגעס גלייך דיא ווייסט גאָר נישט, גלייך דיא האָסט גאָר נישט אין דער תורה גיזעהען פאר וואָס עס קימט יודען דיא שטראפע. איך זאָג דיר אז דיא מוזט אויך זיין אשטיקעל עקשן אז דיא פרעגסט נאָר קשיות על מעשי ד׳, נאר איך האָף צו השי״ת אז איך וועל דיר דיא קשיה אויך פערענטפערן.

דאס פיעל לײדען פאן אצינד זענין נאָר יודען אליין שילדיג. זעה דער הייליגער משורר דוד האט אויך גיפרעגט, גפן ממצרים תסיע, תגרש גוים ותטעה (תהלים פ״א), איין וויין שטאָק האָסט דיא גאָטט פאן מצרים גיצויגען דיא האָסט פערטריבען פעלקער אונד האָסט זיא איינגעפלאנצט וכו׳ למה פרצת גדריה וארוה כל עוברי דרך, יכרסמנה חזיר מיער וזיז שדה ירענה וכו׳. פאר וואָס האָסטו אויסגעבראָכען איהר צאָמם, אין יעדער וואָס געהט דערך טיהט זיא אויסרייסען, דער ווילדער חזיר רייסט זיא אָב אין דיא חיות פין דעם פעלד טהען זיא אָבפּאַכסען א. ז. וו. דאן קימט ווייטער דער הייליגער משורר אין (תהלים צ״ב) אין פערענטפערט אין זאָגט: מה גדלו מעשיך ד׳ מאד עמקו מחשבותיך, איש בער לא ידע וכסיל לא יבין את זאת וכו׳ וויא גרויס זינד דיינע טהאטען גאָטט, וויא זעהר טיף זענין דיינע געדאנקען גאָטט דער אונפערנינפטיגע מאנן ווייסט דאָס נישט אונד דער נאַרר פערשטעהט דאָס נישט א. ז. וו. דאן קאָמט ווייטער דער הייליגער משורר אין פערענטפערט גאָטט ב״ה טהאטען אונד שפריכט: צדיק ד׳ בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו (תהלים קמ״ה), דאס הייסט: גערעכט איז ד׳ אין אללע זיינע וועגען אונד גנעדיג איז ד׳ אין אללען זיינען ווערקען. דאס מיר מענשען קעננען גאָר נישט פרעגען אויף גאָטט וואָרום מיר לײדען אזוי פיעל אין גלות, אין מיר פערזאָמען אזוי פיעל,

איז נאָר דערך אינזערע זינד אונד אינזערע שלעכטע מהאמעי. ווען מיר יודען זאָללען נאָר בארעכ׳נען דיא גרויסע וואונדער וואָס השי״ האט מיט אינז געטיהן מיום ה׳ות ישראל לגוי עד היום הזה, אין דא גרויסע זינד וואָס מיר האבען געזינדיגט געגען אזאַ גראָבכעכט׳גען גאָטט, נאָך יעצט וואָס דיא ישועה וואָס השי״ת האט געגעבען צו ישראל איז בייא יודען א׳ן דער האנד אין מיר ווילען עס דאָך ניט פערשטעהען, אין מיר פרעגען נאָר השי״ת קשיות.

שאלתיאל בעט דעם מחכה ער זאָלל איהם ערקלעהרען וויא אזוי דיא ישועת ישראל שטעהט אצינד בייא יודען אין דיא הענד.

דער מחכה זאָגט: יא מיין פריינד, איך וועל עס דיר ערקלעהרין דורך איין קליינעם משל. זאָללסט וויססען אין אנפאנג איז א נזער געשיכטע אין דיא פערבינדונג וואָס מיר האבען מיט גאָטט ב״ה, איז אזויא וויא איין באיארטער חכם (מצא חן במדבר עם שרידי חרב הלוך להרגיעו ישראל) האט געוואָלט היראטהען אינע פרויא האט ער גידענקט פין דיא אללע שדוכים דיא רייכע, וואָס מען האט איהם גירעד, איז איהם ליעבער ער זאָלל נעהמען איין אָרימע געפלאגטע פריילין, וויל דיא געפלאגטע פריילין וועט א׳הם פאָלגען אין צידהערין אין שעצען אללע זיינע געזעצע. — דיא פריילין וואר גאנץ ארם אין נאקעט, ער האט זיא נאָך געמיזט אויסלעזין פאן אללע איהרע שולדען, אין האט זיא שעהן אויסגעפיצט אין שעהן אויכגע-ציערט. דיא אנדערע רייכע בתולות האבען זיא שטארק מקנא גע-וועזען, ערשטענס מיט איהר גרוים גליק, אין צווייטענס מיט איהר גרוים גישעצטען מאנן, וואָס ער וועט זיא מיט זיינער גרויסע ביל-דונג אונד זיינע טהייערע געזעצע אויף דער גרעסטער שטופע ארויף ברענגען.

קוים האט ער זיא נאָר אריין געבראכט אין זיין פאלאסט האט זיא שוין פערגעססין וויא אזוי זיא איז גיוועהן געפלאגט אין איהר מאנן האט זיא פאן דעם מיסט אויפגעהויבען, זיא האט נישט געוואָלט הערין זיינע טייערע געזעצע, אין איז נאָר גיוועזען געגען זיינע בע-פעהלע. דעם גרויסען חכם האט זיא שטארק גיערגערט, אין דיא שלעכטע שכנים דיא אנדערע רייכע בתולות וואָס זייא האבען זיך אין איהר מתקנא גיוועזען, האבען זיא איממער ציגערעד צים שלעכ-טען וועג, אין מיט איהר נארישען שכל האט זיא גאָר נישט פער-

שטאנען אז דיא שכנים זענין איהרע פיינדע, אין רעדען זיא צופלייס צי, כדי מען זאָלל זיא אויסוואַרפען פין דעם פאלאסט. (בני אמי נחרו בי שמני נוטרה את הכרמים כרמי שלי לא נטרתי). זיא האט אימער געטיהן אזוי וויא איין נארישע פרויא מיט קליינעם פערשטאַנד, וואָס זיא גלייבט נאָר וואָס דיא שכנים שאַפען איהר, זיא ווילל נישט קיקען צי איהר שטיב אין צי דיא רייד פין איהר מאנן, זיא ווילל זיין גיט אין געטרייא צי איהרע שכנים, אין ווילל נישט הערין דאס בעפעהל פאן איהר טרייעם מאנן.

זאָ האט אויך געטאָהן דיא אָרמע יונגע פרויא. קורץ דיא שכנים האבען זיא אזוי ווייט ארויף געפיהרט אז זיא זאָלל זיך אריין נעהמען אין פאלאסט אריין איין פרעמדען געליעבטען, אין זאָלל איהם אוועק געבען דאָס גאנצע צירינג וואָס דער מאַנן האט איהר אָנגעטהן ווען ער איז מיט איהר פערלאָבט געוואָרין, (דוא 2 קרוינען פין נעשה ונשמע וואָס מען האט דיא ישראל געגעבען בזמן מתן תורה). דאָס האט דעם גרויסען חכם פערדראָסען אין ער האט זיא ארויסגעוואָרפען פין זיין פאלאסט.

דער גרויסער חכם האט אויך פערמיעסט דעם פאלאסט, אין האט איהם פאר גרויס צאָרן פארלאָזט. — איהרע שכנים האבען דאָ געהאט דיא געלעגענהייט זייא זאָללען איבערפאללען דעם פאלאסט, אין זאָללען בערויבען אללע זיינע אנטיקע. — דיא פרויא האט געמיינט אז זיא וועט זיך שטיצען אויף איהרע שכנים וואָס זייא האבען זיא דערצי בעוואָגען, צים סוף קראתי למאהבי המה רמוני, איך האב געריפען צי מיינע פריינדע, האבען זייא מיך אָבגינאַררט. זייא האבען זיא נישט אמאָל גיוואָלט קענען, זייא האבען זיא געיאָגט אין געפלאגט, כדי זייא זאָללען זיא אין גאנצען פערניכטען. ווען נישט דער גרויסער חכם זאָלל נישט גיוועהן קיקען פאן דער פערנע (ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתים לכלותם להפר בריתי אתם כי אני ד׳ אלהיהם), אויך ווען זייא זענין גיוועזין אים לאנד פין זייערע פיינדע האב איך זייא נישט פערמעסט אין האב זייא נישט פערניכטעט אין האב מיין בונד מיט זייא נישט פערשטערט, וואָרין איך בין גאָטט זייער גאָטט.

זייא האבען זיך מיט איהר נאָך גרייצט אין פאן איהר גישפעט, אין האבען צי איהר געזאָגט: זעה דיא נארישע אונד ווילדע פרויא דיא האָט איין טייערן בערלאַט געהאט אין דיין האנד אין האָסט איהם נישט געוויסט וויא אזוי צי שעצען, יעצט געה לאַד צרות

איבער צרות, ביז דיא וועסט אין גאנצען צערשטויסען ווערין. — זיא האט זייא געבעטען אז זיא זאלל זיך בייא זייא שטיללען פאר א דינסט, האבען זייא אויך נישט געוואלט, (והתמכרתם שם לאויביך לעבדים ולשפחות ואין קונה. דברים נ׳), איהר וועט אייך פערקויפען צו אייערע פיינדע פאר קנעכט אין פאר דיענסטען אין קיינער וועט אייך נישט וועלין קויפען.

קורץ מען האט זיא ארויסגעיאגט מיט איהרע קינדער, וויא זיא האט געטאגט האט זיא נישט געקענט גיין, זיא איז געלאפען איבער בערג אין מדברות, איהרע קינדער זענען צו זייעט אין צושמירעט געווארין, אייניגע זענען אויפגעפרעסין געווארין פאן דיא ווילדע טהירע. אין איהר לויף איז איהר דאס הארץ אזוי פערשטיינט אין פערוואכט געווען, אז זיא האט גאר קיין צייט געהאט נאכצודענקען אויף איהר פערגאנגענהייט. נאר ווען זיא איז נאך מיט איין קינד ציגעקימען צו איין בערג פון איין גרויסען טייך, דיא פיינדע האבען זיא דארטין נאך נישט געגרעבט, איז זיא אנדער געפאללען מיט גרויס שוואכקייט מיט דעם איין איינציגען קינד וואס מע איז איהר געבליבין, און מיט איין גרויכען יאמער אין געוויין האט זיא אנגעפאנגען צו קלאגין אויף איהר גרויסען בראך: אך מיין טהייערער און געשעצטער מאנן! דו ביסט איין גרויכער חכם! דיא האסט מיר פריהער געזאגט אז עס וועט מיר אזוי אויסגעהען, אין איך האב דיינע טייערע אונד קלוגע רייד גאר נישט געוואלט צוהערין. אך טייערער מאנן! וויא בכטי? וויא איז מיין טייערער פאלאכט? וויא זענין מייגע טהייערע קינדער? האב רחמנות אויף מיר אין אויף מיין קינד, אין נעם מיך צוריק אין דיין טייערן פאלאכט. אך! איך בין זעהר שוואך פאן דיא פיינדע וואס זייא לויפען מיר נאך. איך וועל שטארבען! אך! דיא שלעכטע שכנים, זייא האבען מיך פערפיהרט.

מיט גרויס געוויין האט זיא זיך ערינערט אין דיא טייערע שריפ-טען מיט דיא הייליגע געזעצע וואס זיא האט בייא זיך געהאט פאן איהר טרייען מאנן.

זיא האט זיך געווענדעט צו איהר קינד אין האט צו איהם געזאגט: מיין ליעב קינד ישראליקיל, זאלסט וויססען איך בין זעהר קראנק אין שוואך, טאמיר שטארב איך, נעם דיר דיא הייליגע געזעצע אין זאללסט זייא גיט אפהיטען מיט דיא שריפטען, וועסטו נאך אמאל

קעננען אהיים קומען צו דיין טרייען פאטער, דיין פאטער איז איין רחום וחנון, ער וועט זיך אין דיר א מאָל דערמאַהנען, די שריפטען וועלען זיין די צייגניסס אז די ביסט זיין קינד.

דאָס קינד האט די שריפטען פאן דער מוטער גענומען מיט גרויס געוויין. דערוויל האבען די פינדע ערפאהרען אין זענען וויטער נאָך געלאָפען זייא זאָללען זייא פאנגען.

מיט גרויס שרעק איז דאָס קינד מיט די שריפטען אוועק געלאָפען אין האַט זיך באהאלטען צווישען די געבערגע. שפעטער איז דאָס קינד ארויס פאן צווישען די געבערגע אין האט די מוטטער מעהר נישט געפונען. — מיט גרויס געוויין איז דאָס קינד געלאָפען זוכען די מוטטער, אבער ער האט זיא נישט געפינען.

דאָס קינד האט געבלאָנזיט מיט די שריפטען ביז עס האט זיך צוגעשלאָגען צו איין גרויסער שטאָדט . . . עס האט אומגעבלאָנזעט אין דער שטאָדט, קיינער האט עס נישט געוואָלט אריין נעהמען, עס איז געווען אָנגעטהאן מיט זעהר אָבגעריסענע קליידער. אויף איינמאָל איז דאָס קינד צוגעקומען צו איין בעקער אין האט איהם געבעטען אז ער זאָלל איהם שענקען א שטיקעל ברויט. דער בעקער האט אביסעל רחמנות באקומען אויף דעם קינד. ער האט דערקענט אין די אויגען פאן דעם קינד אז דאָס איז איין געשייד קינד. אין זיינע צעריסענע קליידער האט ער דערקענט אז דאָס קינד מוז זיין פאן איין קעניגליכען שטאַמם, האט ער זיך געטראכט לאָז זיך דאָס קינד ביי מיר וואלגערן אויף דעם אויבען. . . . . . אין די שטיקליך ברויט וואָס עס בלייבט אבער פאן מיינע קינדער וועט עס עססען.

דאָס גראָפישע קינד שלאָפט שוין אויף דעם אויבען, עס איז איהם שוין אביסעל בעססער. דערוויל האט ער אביסעל צייט געהאט זיך ארום צו קוקען אין איבער צו לעזען די שריפטען וואָס זיין טייערע מוטטער האט איהם איבערגעגעבען פאר איהר אָבשטארבען. מיט גרויס געוועהן האט ער די היליגע שריפטען געלעזען, וויל ער האט אין זייא געפונען פאן וועלכען שטאַמם ער איז, אין וויא אזוי ער איז אויפגעצויגען געוואָרען, אין ווער זיין ערציעהונגס פאטער איז, אין וואָס פיר איין לאגע ער איז געבוירען, אין האט אנגעפאנגען צו טראכטען אין צו קלערען. אין גרויסע געבעט בריעף האט ער געשריבען זיין פאטער אז ער זאָלל איהם אומקעהרען מיט רחמנות

אהיים . . . אין האט אויפגעשמעללט גרויסע מליצים זייא זאָללען פאר איהם בעטען, (וזכות אבות לבנים תזכור).

שאלת יאל פרעגט ווידער דעם מזכה: בעדהטין מיר דען וועניג שוין זוי א לאנגע צייט, אין מיר זענין אלץ נאָך נישט געהאָלפען?

דער מהכה ענפערט: שאלתיאל, דיא מיינכט אז מען קאן יוצא זיין מיט כל דכפין ייתי ויכול וכו׳ וואָס מען זאָגט ביים כדר אין מען פערשליעסט דיא טהיר, אם ענדע דעם כדר מאכט מען אויף דיא טהיר אין מען שרייעט לשנה הבאה בירושלים. ניין ברידער שאלתיאל מיט דעם איז מען גאָר נישט יוצא, נישט אקעגין דעם הינגעריגען אין אקעגען גאָטט ב״ה אוודאי נישט. ווייכטי פאר וואָס, וויל גאָטט ב״ה האט זעהר ליעב איין רייגעם הערץ אין מען זאָל טיהן בפועל נישט נאָר במחשבה. דאס הייכט, אז מיר וועלין ארבייטען מיט פערמעגען אין מיט דעם גאנצען הערצען, אין מיר וועלין דאָ אינטען פערזעהען, וועט אינז השי״ת שיקען דעם רעגען פאן ברכה, אז דיא תבואה זאָלל וואַקסען. וויא געזאָגט, ווען מיר וועלין שטרעבען מיט לייב אונד זעעלע, מיט געלד, דאָס מיר זאָללען קיממען צו איין קאָלאָניע אין ארץ ישראל ע״י עבודת אדמה, דאָס הייסט פערזעהט. דאמאלס וועט השי״ת דיא וויטערע ברכה פאן גשמי נדבות שיקען, וויל גאָטט ב״ה העלפט צוערשט עפ״י דרך הטבע. אזוי וויא דער מדרש תרומה ברענגט אויף דעם פסוק (ישעיה י״א) והכה ארץ בשבט פיו, באותה שעה ישראל יושבים בהשקט ובטחה בעולם, שנ׳ וישבו עליו לבטח (יחזקאל כ״ח) ובנו בתים ונטעו כרמים וישבו לבטח. דאָס איז איין רמז אז מיר מיזען צוערשט קויפען ערד אין א״י עפ״י דרך הטבע, אין מיר זאָללען דיא ערד בעארבייטען, אונד דאן אז מען וועט דאר-פען ניסים למעלה מן הטבע, מיזען מיר האבען אמונה בד׳ צור ישראל אז השי״ת וועט זייא בוודאי טיהען, נישט דערך אינזערע גיטע מעשים, זאָנדערן דערך זיין הייליגען נאמען, אזוי וויא דער נביא זאָגט (יחזקאל ל״ו כ״ב) פין גאָטטס וועגען, לא למענכם אני עושה בית ישראל כי אם לשם קדשי אשר חללתם בגוים אשר באתם שם, דאס הייסט: נישט פאן אייערט וועגען טיהע איך ישראל, זאָנדערן וועגען מיין הייליגען נאמען וועגען. וואָס איהר האט איהם פערשוועכט צווי-שען דיא פעלקער וויא איהר זענט געקיממען. — אונד וויא באלד מיר ווילין באמת צייגען אַז מיר האבען אמונה אין גאָטט, מיזען מיר

צוערשט איין שריטט מאכען, אזוי וויא ביים ים סוף, ווען דיא מצריים זענין דיא יודען נאכגעלאפפען האט משה רבנו אנגעפאנגען צו שרייען צו גאָטט ב״ה אזוי וויא מיר שרייען אצינד, האט גאָטט ב״ה גיזאָגט צו משה׳ן מה תצעק אלי דבר אל בני ישראל ויסעו, דאס הייסט, אז דיא ישראל וועלין האבען דיא אמונת ד׳ אז איך גאָטט קען זייא רעטטען אין מיטטען ים, מיט דעם זכות וועל איך זייא רעטטען. אזוי דארפען מיר אצינד אויך טוהן, אין ניט צו הערען שלעכטע מאלער וואָס זייא שרעקען אינז באשר דיא ערד פאן א״י איז שלעכט אין וויסט אין פערשטיינערט, באשר דיא אראבער, דרויזען וכדומה וועלין אינז בערויבען, דאס דארפען מיר גאר נישט צוהערען, ווייל מיר דארפען דיא האָפפנונג נאָר האבען אל ד׳ צור ישראל, אזוי וויא ביים ים. אין מיט דעם געלד וואָס יעדער יוהד וועט איינצאָהלען וועגען איין קאָלאָניע צו גרינדען אין א״י ע״י עבודת אדמה, וועלין מיר אביסעל א זכות טראָגען, אזוי וויא דער מדרש תרומה ברענגט אויף דעם פסוק ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם (כדי שידעו כל האומות שנתכפר להם על מעשה העגל, ולכך נקרא משכן העדות שהוא עדות לכל באי עולם שהקב״ה שוכן במקדשכם, אמר הקב״ה יבא זהב שבמשכן ויכפר על זהב שנעשה בו העגל שכתוב בו ויתפרקו כל העם את נזמי הזהב ולכן מתכפרין בזהב). וואָרין מיט דעם דרך הטבע אז א קינד זינדיגט געגען איין פאטער, מיז דאס קינד דעם פאָטער צוערשט איבערבעהטין. דאריבער מיזען מיר צוערשט קימען אויף דער הייליגער ערד אין א״י, אין מיט דעם וועלין מיר השי״ת איבערבעהטין. אויך דיא אָרימע יודען וואָס זייא זיצען על התורה ועל התפלה ומתפרנסים מן הצדקה של רמב״ן, דיא טאָרין מיר אויך נישט לאָזין ח״ו פאללען, דיא זענען מיר מחויב צו שטיצען בכל כחנו אין זייא נישט ח״ו מסיג גבול זיין.

הער אוים מיין פריינד וואָס מיט דעם קינד איז ווייטער גיוועהן. דאָס קינד האט אויפגישטעללט דיא גרויסע אין טרייע מליצים אז זייא זאָללען פאר איהם בעטין בייא זיין פאטער. — זיין פאטער האט זייא גיענפערט אין האט זייא געזאָגט: מיינט ניט מיינע פריינד אז מיר איז ליעב וואָס מיין קינד איז אזוי פערוואָרפען אין לייזעט אזוי פיעל שמערצען, ניין, מיר ברעננט אויך מיין הערץ נאָך מיין קינד נאָך מעהר וויא איהם, (בכל צרותם לו צר). נאָר עס מיז אזוי זיין.

איך ווייס גיט זיין הערץ. זאָבאלד איך וועל איהם ווידער ארויסנעמען אזוי וויא איך האב איהם שוין א פּאָר מאָל אהיים גינעבען, וועט ער זיך ווייטער אויפפיהרען אויף זיינע געננג און וועט ווייטער זינדיגען, ווייל ער וועט שלאָגען אויף דעם תקופות אז זיין פאטער וועט איהם ווייטער אימקעהרען. ניין, דאס קען איך שוין איצינד נישט טיהן ביז ער וועט זיך גיט אָנשלאגען מיט אללע צרות, דאמאלס וועט ער אהיים קומען אליין ער זאָלל מיך איבערבעטען, (או אז יכנע לבבם הערל ואז ירצו את עונם, אז וזכרתי את בריתי יעקב ואף את בריתי יצחק ואף את בריתי אברהם אזכור והארץ אזכר). און איך פאן מיינער זייטע וועל איהם געבען גוטע מיטטעל דערצו אז ער וועט נאָר וועלין מיט דעם גאנצען הערץ באמת אהיים קומען, זאָלל ער קומען, ווייל איך האב זייער ליעב אמת.

שאלתיאל פרעגט וואָס זענען דיא מיטטעל וואָס כען האט דעם קינד געגעבען?

דער חכמה ענטפערט איהם, גאָר גאנץ נאטירלכע מיטטעל!

דאס קינד שלאָפט ביא דעם בעקער איף דעם אויבען, דער בעל הבית פון דעם אויבען האט זיך איף איהם גאָר נישט אימגעקוקט, לאָז ער זיך וואלגערן. דיא קינדער פאן דעם בעל הבית האבען גאַן איהם אימטער חוזק געמאכט און געשפעט. מעהרערע מאָל האבען דיא קינדער דעם אויבען אזוי היים געמאכט אז עס האט איהם גיט געבריט.... דאָס קינד האט געמיזט שוויגען. דאָס קינד האט אָנגעהויבען אביסעל געלד צי פערדיענען, און האט זיך אָנגענוהמען צו וואשען דאָס שמוציגע פּנים וואָס איז געוועזען שמוציג פון דעם ארום וואלגערן, עס האט זיך אביסעל אויסגעטהן דיא צעררסענע קליידער, דאָס ארמע קינד איז גאנץ שעהן, עס בלהעט וויא איין רויז צווישען דאָרנער. עס לערנט גיט, עס שרייבט שוין אללע לשונות, עס איז עהר קליג איז האט זעהר איין טייער געפּהל, מיט זיין גמרא קעפּיל געהט ער איבער אללע קינדער פון דעם בעל הבית. קירץ ער האנדעלט, ער שטודירט אין אללע ווסכענשאפטען, ער גליקט א בעראל און שלאָפט נאך אלץ איף אין פערעמדען אויבען.... און בארעכנט נישט אז דאָס מיטטעל איז פאן גאָטט ב"ה, דיא חכמה און עשר, אז ער זאָלל זיך אימקעהרען.

דעם בעל הבית קינדער נישט נאָר זייא האבען פאן איהם גישפעט

זאָנדערן זייא בענײדען איהם אויך אין הייבען אָן אויס צי טראכטעָן
אויף איהם אללעָ בלבולים. באשר דער פּעָרוואָרפענער איז צי אינז
געקימּמען נאקעט אין באָרוויס אין קיקט איהם אַן, זיין רייכטהום,
דאס האט ער בייא אינז גערויבט, ער נאָגט אינז אינזער בליט אויס,
מיר קעננעָן שוין מעָהר נישט דולדען. ער זאָלל זיך געָהן פין וואניט
ער איז געקימּמעָן! האבען זייא אללע געשריגען, ווייל זייא האבע·
איהם מקנא גיוועהן דורך זיין לערנען אין דורך זיין פערמאָגען, או
איהם אָבּצירויבעָן. — דער בעל הבית האט פין זיין פאָלק מעה
נישט גיקעננט אויסהאלטעָן, האט ער ישראליקין באפוילין אז ער זאָ
פאן דעם לאנד ארויס אין זאָלל דאס פעָרמעגען אין לאנד איבעָר
לאָזין, נאָר וועלכעָ עס וועלין בלייבען זאָללען זייא אָננעמען די
אמונה פאן דעם לאנד. מיט דעָם האט ער זיין ווילד פאָלק געשטילט
אייניגע ישראליקליך האבען לפנים אָנגינעמין זייער אֶמונה אין גלור
שפאניען. (אם שכחנו שם ד׳ ונפרוש כפינו לאל זר הלא ד״ יחקור
זאת כי הוא יודע תעלימות לב, כי עליך הורגנו כל היום, נחשבנו
כצאן טבחה) כדי זייא זאָללען קעננעָן בלייבען אין לאנד.

אלזאָ דיא ישראליקליך זענין שוין ווייטער ציוואָרפען אין צישטויסען,
זייא האבען נישט געטראכט ווען עס איז זייא אין דעם לאנד גיט
גיוועהן וועָגען זייער אייגענעם אויבען. זייא האבען פערגעססען אז
השי״ת האט זייא דיא גיטע מיטטעל גענעבעָן הכמה אין עשירות אז
זייא זאָללען האבעָן מיט וואָס אהיים צי קימען צי זייער פאטערלאנד,
ניין זייא האבען געמיינט כחי ועוצם ידי עשה לי את כל החיל הזה
דאריבעָר זעָנין מיר ווייטער געוואָרפען געוואָרין, ווייטער אימגעוואָל-
גערט אין איין גיבעָטין זיך אויף פרעמדע אויבענס. יעצט וועלין מיר
זעהען וואָס עָס איז ווייטעָר גיוועהן מיט אינזערע אקשאָנעמליך, מען
קלאָפּט אינז שוין גיט כמעט איבעראלל, מען יאָגט אינז, מען לאָזט
אינז שוין נישט איבער נעכטיגעָן, מען מאכט געגען אינז שטרעָנגעָ
געזעצע. עָס איז פיעָל צרות איבער געגאנגעָן איבער אינז אין ישראליק
לעבט נאָך אין הייבט זיך שוין אָן ווידער צי דעָרמאַהנען אין זיין
היים. אַ האַ, דיא מליצים טובים קימען שוין ווייטער פאר אינז בעטין,
השי״ת ענפעָרט ווייטער אין זאָגט זייא, איהר זעהט ניט אז זייא וועלין
נישט אָננעמעָן מיינע גיטע מיטטעל וואָס איך האב זייא געָגעבעָן,
זייא זענין אלץ הארטנעָקיג. ווען עס געהט זייא שלעכט דאמאלס

האבען זייא מיך אין זין, און ווען איך גיב זייא גוטס דאמאלס פארגעס־
סען זייא אין מיר אין אין זייער היים. איך האב איינמאל געזאגט ע״י
הנביאים שובו אלי ואשיבה אליכם, קעהרט אייך אים צו מיר וועל
איך מיך אימקעהרין צו אייך, איך זעה גוט וואס עס געהט מיט זייא
פאר. ווען איך זאלל נאר איין רגע אוועק קיקען וואלט ח״ו פאן זייא
גאר נישט געבליבען. נאר איך מיז דעך מיין ווארט האלטען וואס
איך האב מיט אייך כורת ברית גיוועהן. איך וועל זייא נאך בעססערע
מיטטעל געבען כדי זייא זאללען פערשטיין אז איך ווילל באמת אז
זייא זאללען זיך צוערשט אימקעהרען קיין ירושלים מיין הייליגע שטאדט
ולא המדרש הוא העיקר אלא המעשה. איך פערלאנג ווען זייא וועלין
האבען די מיטטעל וואס איך גיב זייא, זאללען זייא איבער דיא
מיטטעל נישט פיעל נאכקלעהרען און זאללען גלייבען אז דאס איז
גאטטליכע מיטטעל, און זאללען טיהן, נישט נאר מיט דעם מויל פיעל
רעדען און גאר נישט טיהן, זאנדרן צו ארבייטען מיט אללע קרעפ־
טען און מיט דעם גאנצען פערמאגען און מיט פרידען און מיט אהדות
לשם שמים, דאמאלס ונגלה כבוד ד׳ וראו כל בשר יהדיו כי פי ד״
דבר, ורחמנה ליבא בעו.

דיא טייערע מליצים זענין מיט דעם אויך זעהר צופריעדען גע־
וועזען.

שאלתיאל פרייגט ווידער מחכה, וואס פאר א מיטטעל גאטט
ב״ה האט וויטער דעם קינד אויף נייע געגעבען?

מחכה ענפערט איהם, מיט וויססען מיין פריינד אזוי וויא מיר
האבען פריהער גירעד, אז דאס קינד איז שוין ווייטער אויף גרויסע
צרות געקיממען, אז מען האט איהם שוין אין קיין לאנד נישט גע־
לאזט איבער נעכטיגען. אַ האַ, עס קימט שוין ווידער א שטיקעל ישועה,
איין לאנד מיט איין גיטען קאניג האט זיך אויף דעם קינד ערבא־
רימט (מדינת פוילין). צו איז דאס גיוועהן פאר אינטערעס צו פאר
רחמנות, קודם איז דאס גיוועהן. דערווייל איין גרויסע הילף מן השמים
האבען מיר שוין געהאט, דערווייל וויא איבער צו נעכטיגען, מיר
האבען זיך דא אויך גיט אנגעפלאגט מיט פיעל צרות, מיר האבען
זיך דא אויך גוט געוואלגערט. מיט גרויסע נסים האבען מיר זיך אי־
בעראלל דורך געשלאגען, פאן דארט האבען מיר זיך ארויין גיהאפט
אין אנדערע לאנדער. קורץ דא איז נישט דאס פלאץ איך זאלל דיר

אללעס דערצעהלען וואָס מיר האבען געליטען, אין דיא גרויסע נסים פאן השי״ת וויא אזוי ער האט אינז געדעטעט. (זעה ספר יוסיפון אין שארית ישראל, צמח דוד, שבט יהודה). — מיר האבען אָנגעהויבען ווייטער צי פערדיענען, דאָ האבען מיר שוין ווייטער נייעס אָנגעהויבען צי פיהרען, דאָ האבען מיר אנגעפאנגען צי האנדלען מיט אללע מסחרים. דאס ערשטע מיט גייסטיגע געטרענקע, דאן מיט מאנופאקטור, דאן מיט פראָצענט, קורץ מיט אללע מסחרי העמים, אין מיר האבען איבעראלל בעגליקט, נאָר קיין פריעדען האבען מיר צווישען אינז נישט געהאט. עס איז איממער געוועזען ביי אינז חליקי דעות נישט קיין אחדות. דיא אללע פעלקער האבען ווייטער דיא יודען געהאסט אין געטריבען אין בלבולים אויף אינז אויסגעטראכט, מיט דער געלעגענהייט אינז צי רויבען אין צי פלינדערן. מיר זענין געשטאנען במטרה לחץ. קורץ אזוי האבען מיר זיך ארים געפיהרט פיעל צייט אין מיטעלאלטער, ביז השי״ת האט געהאָלפען אז דער גייסט פאן פרייהייט האט אנגעפאנגען צי שאַהגען אויף דיא לעבטיגע פעלקער (מדינת צרפת). דאן איז אינז אויך אביסעל לעבטיג געוואָרען. דיא לעבט האט זיך צישפרייט איבעראלל כמעט אין גאנץ אייראָפא, יעצט איז פאר ישראליקלין איין נייע וועלט, מען האט איהם אויף געמאכט דיא טהירען פאן שטודיום. מיין ישראליק מיט זיין גמרא קעפיל, ער קען שוין גיט אללע שבע חכמות. דארפסטי איין גיטען דאָקטאָר דער רעכט איז ער דאָ, דארפסטי איין גיטען דיפלאָמאט אָט איז ער דאָ, דארפסטי איין גיטען מאטעמאטיקער אָט איז ער, דארפסטי איין גיטען אָסטראָנאָם אָט איז ער, דארפסטי איין גיטען רעדנער אין פארלאמענט אָט איז ער, דארפסטי איין גיטען רעבען מייסטער אָט איז ער, דארפסטי איין מיליאָנער וואָס ער זאָלל לייהען איין מאָנארך געלד וועגען איין קריעג צו פיהרען, אָט איז ער. דאן דיא אנדערע קלענערע חכמות איז גאָר קיין רעדע נישט. היינט דער גרויסער לאָקס מיט דיא טייערסטע קליידער האט אָנגעהויבען ביי ישראליקין שטארק אויף צי בליהען. אַך, דיא לוקס, דיא לוקס, נאָך דיא האָסט געפעהלט ישראליקין מיט דיא טייערע פאלאסטען אין מיט דיינע טייערע גאָלדגעשטיקטע קליידונג צי זיין שעהן דעליקאטע פענעמיל וואָס סע שיינט וויא איין רויז . . . נאָ דער פערשאָלטענער לוקס, נאָך דיא האָסט גיפעהלט ישראליקין אין גלות אז מען זאָלל

איהם נאָך מעהר מקנא זיין אין איהם נאָכציטאַטען מיט דיא פינגער קיקט אָן זיין שטאָלץ מיט זיין גרויס אויפפיהרונג, דאס איז אלץ פאן אינזער בליט . . . מיין ישראליק האט שוין דיא אללע שבע הכמות מיט דעם גרויסען פערשאָלטענעם לוקס (אין בארעכינט גאָר נישט אז דיא אללע טייערע מיטטעל חכמה גבורה און עושר האט איהם השי״ת געגעבען אז ער זאָלל מיט זייא קעננען טראכטען אהיים צו קימען) מיט דיא בערלאנטענע רינגען אויף דיא פינגער און שעהמט זיך נישט אין שלאַפט אלץ אויף א פרעמדען אויבען און טראכט גאָר נישט וויא אזוי ער זאָלל אהיים קימען צו זיין אייגענעם אויבען . . . נאָך מעהר אנשטאַטט ער זאָלל גיוועהן אנפאנגען צו טראכטען מען זאָלל קעננען אָנה יבען אהיים צו קימען, האט ער געטיהן פערקעהרט, עס זענין אויפגעשטאנען צווישען איהם מהרסי הדת זייא זאָללען צער־שטערען דיא הייליגע האפפנונג פאן זכרון ציון וירושלים, און עס פאן אינזער געבעהט ארויסווארפען. זייא האבען גימיינט אז מיט דעם וועלין זייא זיך איינשמייכלען צווישען דיא פעלקער, זייא זאָללען נאָך מעהר רעכט זיך שאפפען. ניין, פינקט פערקעהרט, נישט אזוי, לא זו הדרך המובילה בית אל, (רבות מחשבות בלב איש ועצת ד׳ היא תקום). ניין מיין פריינד שאלתיאל, דאָס האט נאָך מיטגעבראכט דיא גרויסע צרה אשר לא כתוב בספר התורה הזאת (אנטיסעמיטען, עקאָנאָמישע קעסטיאָן). ווייל איהר האט און מיר פערגעססען און האט נישט געטראכט זיך אימציקעהרין צו מיר, ווען איך האב אייך געגעבען מיינע גיטע מיטטעל הכמה גבורה און עושר און איהר זענט נאָך מיט מיר געגאנגען בקרי, (גם אני אלך עמכם בחמת קרי) וועל איך אויף אייך אָנשיקען זאָ איין פלאגע, זאָ איין צרה וואָס איהר וועט קיין אנדער מיטטעל האבען וויא נאָר צו אנטלויפען נאך ארץ ישראל, נאָר דאָרטען קענט איהר גערעטעט ווערען פאן אייערע פיינדע. זייא וועלין מיינען אז זייא וועלין אוועק לויפען מעבר לים אָקיונים נאך אמעריקא, אזוי וויא איינינע האבען דעם פלאן געגעבען, ניין, אויך דאָרט וועלין אייך דיא פיינדע גרייכען (ואתכם אזרה בגוים והריקותי אחריכם הרב . . . . . . . . . . . .

מיינט ניט אז איהר וועט האבען דאס פאָרטהייל פאן פאר צייטען איהר וועט אָננעהמען זייער אֶמונה לפנים כדי איהר זאָללט קעננען בלייבען צווישען דיא פיינדע, ניין, דאס וועט אייך גאָר נישט העלפ.

פען. ווען איהר זאָללט אפילו באֶמת הינדערט מאָל וועלין אָננעמען קעֶן דאס אויך גאָר נישט העלפען. ווייסט איהר פאר וואָס? ווייל זייער לאָקערעֶן אויף איך איז גאָר נישט אצינד וועגעֶן דעֶר אֶמונה, זייא דארפען אייך נישט פאר קאָנקורענטען אין קאָמערץ, נישט אין שטודיום, נישט אין פעֶרמעגען. זייא האבען זיך מתקנא גיוועזען אין דיר, אין האבען זיך אויסגעֶשארפט דיא מוהות אין אללע דיינע געֶ-שעפטען, אצינד וואָס דארפעֶן זייא דעך מעהר האבען. דיא האסט זייא שוין גיט אויסגילערינט, יעצט אפילו דיא וועסט ה״ו וועֶלין אָנ-נעמען זייער רעליגיאָן, ביסטי דעך נאָך מעהר קאָנקורענט אין אללע זייערע גישעפטען, אין דאָס ווילען זייא דעך נישט . . . . ווייל דיא מלאכי חבלה זעֶנין פאן גאָטט ב״ה אויף דיר געשיקט, אז דיא זאָלסט דיך מיזען אימקעהרין נאך א״י מיט געוואלד. אווי וויא דער מדרש זאָגט (מפני מה נמשלו ישראל לזיית מה הזיית הזה וכו׳.

שאלתיאל זאָגט מהכה, אצינד נאך דיין אויפקלעהרען, זעה איך ארויס דעם אֶמת אז נאָר מיר אלליין זעֶנין שילדיג אין דעם גאנצעֶן לאנגען גלות. אֶמת וואָס אינזעֶרע הייליגע תורה זאָגט (הצור תמים פעלו כי כל דרכיו משפט). — נאָר דיך יוריאל וועל איך נאָר פרעגען איין קלייניגקייט. וויא אזוי בעאורטהיילסט דיא דיא ארבייט פאן דיא „כל ישראל חברים" אין דיעזע צייטען?

— יא מיין פריינד, עֶנפערט יוריאל, דיא ארבייט פאן דיא „כל ישראל חברים" איז זעהר גרויס אין ווירדיג. זייא האבען אֶמת מיט זייערע ארבייט גימיינט לשם שמים אין לטובת ישראל. פיעללייכט האבען זייא אויך דעם טייעֶרן ציעֶל געֶהאט וועגען ישוב א״י, נאָר זייא האבעֶן עס לאנגווייליג געמאכט. אין דאן האבען וייא ווענינ מיטגלידער געהאט, אזוי וויא מיר האבען געֶלעזען אין איין געֶנעראל-פערזאממלונג פאן בעֶרלין, האט דער טייערער יצחק אדאָלף קרעמיע נ״ע איינע רעדע געהאלטען אין האט זיך געווינטשען אז השי״ת זאָלל איהם העלפען ער זאָלל דערלעבעֶן צי זעהען מיט זיינע אויגען ווע-ניגסטעֶנס איין מיללי׳אָן מיטגליעֶדער בייא דיא כי״ח. ליידער צי זא איין טייערן צוועק האבען זייא נאָר זעכצעהן טויזענד מיטגליעדער געהאט. זייא האבען גענוג געארבייט וועגען כלל ישראל בכל כחם נאָך מעהר פאן זייערע קרעפטען, אין ארבייטען נאָך אימער. תבא עליהם ברכה בכל מעשה ידיהם.

נאָר דיא וועלט זאָגט איין ווערטיל, דיא גרעסטע מאָגנער מאבען א מאָל דיא גרעסטע פעהלער בשוגג, דאס הייסט, ווען דיא טייערע כי״ח זאָללען גיוועהן טיהן אזוי וויא אינזערע חכמים ז״ל האבען אינז גילערינט (אשר בנה אשר נטע אשר ארש, למדה תורה דרך ארץ שיבנה אדם ביתו ויטע כרם ואחר כך ישא אשה. סוטה פרק משיח מלחמה). — דאס הייסט דיא גרויסע מיה וואָס דיא כי״ח האבען געהאט אום צו גרינדען שולען וועגען בילדונג בארצות הקדם אין ארבייטען וועגען בירגער רעכט, איבעראלל אין אללע זייערע וויכטיגע ארבייט, מיין איך אז ווען זייא זאָללען ליבער גיוועהן אין דער צייט איין יודישע קאָלאָניע מיט ערדארבייטער אין ארץ ישראל אויף שטעללען, אָדער אויך אינזערע הייליגע שפראכע מיט אינזער ליטעראטור אינטער דעם פאָלק צו ביסליך איינפיהרען, אונד דאן צו דיא פערזאממעלטע יודען אין דער קאָלאָניע התורה וההחכמה גיוועהן איינפיהרען, מיין איך נאָך מיין קליינעם שכל וואָלט אפשר גיוועהן בעססער אין קלאָענערע אויסגאבען גיוועהן, אין דיא שונאי ישראל וואָלטען אינז נישט גיקעננט אויסווארפען נרפים אתם, אידה זיכט נאָר לייבט ברווט אין אידה ווילט קיין ערדארבייט נאָר בירגער רעכט צו בעקיממען. אין מיר וואָללטען שוין גיוועהן געהאט ביז יעצט איין שעהנע קאָלאָניע אים הייליגען לאנד. — נאָר מה שעבר עבר. וויא אזוי השי״ת פיהרט אזוי מוז זיין. נישט מיר קעננען דיא טייערע כי״ה פאָרווירפע מאבען. זייא האבען בוודאי געאָרבייט בכל כחם לטובת ישראל בין העמים אין מיר בעטין זייא, זייא זאָללען ווייטער ארבייטען לטובת ישוב א״י וע״ה, אויך לטובת כלל ישראל וד״ל.

יוריאל זאָגט צו מחכה, ווייל מיר זענען דאָ מעהרערע פאן אינזערע ברידער וואָלט גיט גיוועהן מיר זאָללען אויך פרעגען סודיאל אין סופריאל איבער דיא כי״ח, ווייל זייא זענין בעססער בעקאננט אין זייערע דיפלאָמאטישע אנגעלעגענהייטען.

מחכה ענפערט יוריאל׳ן אז ער איז צופרידען פין זיין פערלאנגען. נסיאל אין שאלתיאל זענין אויך צופרידען. פאן יוריאלס פערלאנגען. — סודיאל אין סופריאל זענין אויך דאָ.

יוריאל פאנגט זייא אָן פאָרצילעגען דיא פראגען אין ווילל וויסען וואָס דיא כי״ח דענקען איבער דעם הייליגען געדאנק פאן ישוב א״י, אויך דיא רעדע וואָס מען האט איבער דיא כי״ח בעפאָר גע-

האלטען אין אויך איבער דיא אנדערע געגענשטענדע וואָס מען האט פריהער מיט שאלתיאל"ן גירעד.

סודיאל ענפערט זייא, ברידער איהר דארפט נאָך צווייפלען צו דיא כי"ה זענין וועגען דעם היילינען צוועק פאן ישוב א"י מיט לייב אונד זעעל? זאָ איין טייערער פעראיין וואָס ארבייט אונאויפהערליך משנת כת"ר נאָר לטובת כלל ישראל, אום צו העלפען זייערע ברי-דער אין דעם יאָך פין דעם גלות צו פ' יקלענערן, אין פיר זייא צו בעקימטען דאס בירגעררעכט. אויך אינזער היילינען אמונה וההכמה איין צו פלאנצען לכלל ישראל בכל מקומות פזוריהם, זאָלל יעצט בייא דעם טייערן געדאנק פאן זכרון ציון וירושלים גאָר פאן וויטענס שטעהען, פאָן זאָ איין זאכע וואָס דאָס איז אחד מעקרי האמונה? אֶמת איז דיא רעדע וואָס מחכה האט פריהער געהאלטען, אז זייא האבען עס אביסעל לאנגוויילינט, אבער זייער ציעל איז אויך גיוועהן וועגען דעם פאן אנפאנג אָן. — מיר מיזען וויסען אז ההכם מכל הזמן דיא צייט איז קליגער פאן אללעס, ווען זייא זאָללען גיוועהן וויסען אז דיא צרות האנטיסעמיטען וועלין אויף אינז אין דיא לעבטיגע צייטען קיממען, וואָלטען זייא זיך גיוועהן געאיילט בעפאָר מיט צוואנציג יאָהר איין קאָלאָניע אויפצישטעללען אין אינזער היילינען לאַנד וועגען קבוץ ישראל. — אבער זייא האבען אגדערס גערענקט, דא-ריבער האבען זייא זיך נישט געאיילט, ורבות מחשבות בלב איש ועצת ד' היא תקום.

מחכה פרעגט סודיאל, אֶמת וואָס דיא קלערהרסט אינז אויף מיט דער מיינונג פאן דיא כי"ה איבער דעם געדאנק פאן ישוב ארץ ישראל. נאָר איין זאך איז מיר קשה, פאר וואָס זייא שיקען אוועק אינזערע פערפאָלגטע ברידער נאך אמעריקא מעבר לים אָקיאנוס? נאָך מיין שכל דאכט זיך מיר אז דאָרט איז גאָר פאר זייא קיין תכלית!

סודיאל האָסט רעכט ברידער מחכה אויף דער זאכע צו פרעגען, נאָר מיר מיזען גיט בארעכינען וועלין מיר זעהען אז דיא כי"ח זענין נ"שט שילדיג. וויל דיא צרות ישראל זענין פאן רוסלאנד פליצים גאָר אימגערעכט אויף אינזערע ברידער געקיממען זעהר שטרענג, טויזענ-דער פאמיליעס פאן אינזערע ברידער זענין גענצליך צו גרונד גע-גאנגען אונד זייער פערמעגען וואָס זייא האבען עס מיט שווערער

מיה ערוואָרבען איז בייא זייא געָרויבט געָוואָרען. דיא צרות ישראל האבען מרעיש עולמות גיוועהן. דיא טייערע חברה כ״ח צוזאמען מיט דיא לעכטיגע פעלקער האבען גלייך פאָליטישע מעעָטינגען געהאלטען, אויך דיפלאָמאטישע פעָרהאנדלונגען איבער דער זאכע אנגעפאנגעָן צו פיהרען. עָס ברענט זייא נעבעך געניג זייערעָ טייערע הערצער וועגען זייערע ברידער, נאָר איינסטוויל זענין זייא געצווינגען גיוועהן דערווייל איינינגע פאן אינזערע ברידעָר נאך אמעָריקא איבערציפיהרען, אָבוואָהל זייא וויסען גיט אז דאָרט איז אויך נישט פאר זייא קיין תכלית מפני כמה טעמים. — דעם ציעל וואָס דיא כ״ה האבען וועָגען ישוב א״י, קעָננעָן זייא פיעללייכט נאָך אצינד נישט פערעפענטליכען, וויל זייא זעהען דעם צושטאנד פאן דער געגענווארטיגער צייט, אז עס איז מלחמות החשך והאור. דאס הייסט, זה לעומת זה עשה אלהים, אז איין האלבער הימעל פאן אייראָפא איז באדעקט מיט שווארצע וואָלקען פאן דיא אנטיסעמיטען דיא שונאי ישראל, אום דיא גאנצע וועלט, נישט נאָר יודען, אין דער פינסטערניסס פאן פאר צייטעָן אריין צי ברענגען. געגען זייא אבער זענין דאָ דיא לעכטיגע פעלקער וואָס וועלין צישמעלצען מיט זייערעָ ליכטשטראַהלען דיא שווארצע וואָלקען גענצליך אויף עביג!

אויך דיא אייראָפעאישע פאָליטיק ליעגט זייא פיעללייכט אין וועג, וואָס זייא מיזען נאָך אביסעל איבערווארטען מיט דעָם געָדאנק פאן ישוב ארץ ישראל. אבער ברידער דענקט נישט אז דער זכרון ציון איז ח״ו נישט אויף זייער הערצען, ניין ברידער, דאָס קעָננען מיר גאָר נישט דאכטען, מיר זאָללען ח״ו נישט זיין קיין חושד בכשרים!

שאלתיאל פרעגט ווידער סודיאל איין פראגע אויף דיא כ״ח ווארום שוין זייט 2 יאָהר, זייט עס האנדעלט זיך אין רומעניען אינטער יודען וועגען ישוב ארץ ישראל, אין דיא כל ישראל חברים וויסען גיט פאן דעם אין געבען אינז קיינע מיטטעל אויך קיינעָ ראטה וועָגען דעָר הייליגער זאכע. וועהרענד אין רוסלאנד זענין זייא תיכף מיט הילף צי אינזעָרעָ ברידער געָקוממען.

סודיאל האָסט רעכט וואָס דיא פרעגסט, אבער דיא כ״ח האבען נאָך מעהר רעכט וויא דיא צי פרעגען דיא רומעָנישעָ יודען פאר וואָס זייא האבעָן נישט גע׳וואָלט פאָלגעָן דא כ״ח, אין זייערע ראטה האבען זייא אוועק געוואָרפען, אין האבען געטיהן וויא אזוי

זייא האבען געוואָלט. איך מיין ברידער שאלת אל אז דיא ווערסט מיר אויך מודה זיין אויף דעם וואָס דיא גאנצע פּאָליטישע וועלט ווייסט זיכער. דיא שווערע מיה אונד ארבייט וואָס דיא כ״ח האבען גיהאט ביז זייא האבען דיא גלייכשטעללונג פאן דיא רומענישע יודען פאָר־געֶלעגט פאר דעם בערלינעֶר קאָנגרעס. וויא פיעל האבען זייא זיך געפלאגט אין דיפּלאָמאטיש געארבייט ביז זייא האבען געֶזעֶהעֶן צי ענדערן דאָס ארטיקעל 7 פאן דער ראָמענישער קאָנסטיטוציאָן פיר טובת כלל ישראל ברומניא, אז אללעֶ יודען פאן רומעֶניען זאָללעֶן גלייכעֶ רעֶכטע האבען וויא דיא אנדערע קינדער פאן דעם לאנד, אין ביז דער אייראָפּעאישער קאָנגרעס האט עס בעשטעטיגט! וויא גרוס איז גיוועזען דיא פרייד פין דיא כ״ח אז זייא האבען דערלעבט צי זעהן דיא זאכעֶ אויסגעפיהרט לטובה זייעֶרע ברידער פאן רומע־ניען. אויך דיא יודען פאן רומעניעֶן זענין אויך דאנקבאר גיוועזען דיא כ״ה פיר זייער הייליגע ארבייט. נאָר דיא פיינדע פאן דעֶם לאנד זענין נישט צופרידען גיוועהן פאן דעם אייראָפּעֶאישעֶן קאָנגרעס בע־שטעטיגונג. גאנץ נאטירליך דיא פיינדע פין דעֶם לאנד האבען נישט גיוואָלט אז דאָס לאנד זאָלל רייכער זיין מיט דרייא אָדער פיעֶר מאָל הינדערט טויזענד טרייע אונד אָרינטליכע בירגער, וואָס זייא ארביי־טעֶן פיר דעם וואָהל דעם לאנדעס מיט מאטעֶריאלישע אונד מאָרא־לישע קרעפטען, מיט בלוט אונד געלד וועגען זייער פאטערלאנד. דיא פיינדע האבען אימּמער דער רעגיערונג פאָרווירפעֶ געמאכט דאס דיא רעגיעֶרונג זאָלל נישט האלטען דעם טראקטאט פאן בערלין וואס לויטעט מען זאָלל דיא יודען גלייכע רעכטע געבען. דיא רעֶגיערונג פאן איהר זייט האט אויך גיארביט, זיא האט אבער נישט גיקעננט זיין געגען דעם אייראָפּעאישען קאָנגרעס שכפה עליהם הר כגיגית . . .

ווען נישט איינינע פאן אינזערע ברידעֶר פאן רומעניען זאָללען נישט גיוועהן פערקויפעֶן דיא בכורה פאר איין טאָפּף לינזען אין זאָל־לען נישט גיוועהן איינרייכען איין בּיטטע צום רומענישען פארלאמענט אין בעטין דאס רעכט איינצעלוויים. דיא רעגיערונג איז פאן דעם ביטגעווך גאנץ צופרידען גיוועהן . . . . . דיא פיינדע פין דעם לאנד זענין אוודאי צופרידען גיוועהן פין דעם, ווייל זייא וויסען אז אפילו אין טויזענד יאָהר ארים וועלין אויך נישט אללע יודען פין רומעניעֶן איינגעבירגערט זיין. מיט שוועֶרער מיה זענין שוין קוים 60 יודען אין

רומעניען איינגעבירגערט, אין דיא איבריגע זענין אלס פרעמדע גערעכנט, אזוי וויא פערלוירענע שאָף. מען מאכט איבער זייא אללע טאָג נייע גיזעצע, אין מען זיכט פלאָנע וויא אזוי מען זאָלל זייא דעם קאָמערץ אין דיא אינדוסטריע אוועק נעמען. — נאָ פרעג איך דיך ברידער שאלתיאל ווער איז שילדיג, זענין נישט דיא איינגע יודען פאן רומעניען אליין שילדיג וואָס זייא האבען דעם טייערן בנין פאן דיא כי"ח אליין מיט זייערע הענד אימגעוואָרפען, אין האבען נישט געוואָלט פאָלגען זייערע ראטהע לטובת כלל ישראל ברומעניען. עס ברענט זייא גיט דאס הערץ אויף זייערע ברידער, אין וויסען גיט וואָס אינזערע ברידער ליידען דאָרט. אבער זייא קעננען זייא יעצט גאָר נישט העלפען.

אין דיא ברידער שאלתיאל וויללסט אז דיא כי"ח זאָללען דיא יודע פין רומעניען איינע ראטהע געבען איבער דעם געדאנק פאן ישוב א"י, איך פרעג דיך, אין אז זייא. וועלין זייא שוין גיט ראטהען צי גיטען, וועלין קימען אנדערע אין וועלין זייערע רייד פערוואָרפען.

שאלתיאל דער פרעגער העבט אָן צי פרעגען ספריאל דעם שרייבער אונד ליטעראט בשפת עבר, אז ער זאָלל איהם זאָגען צי איז גיט אונד וויכטיג דער געדאנק פאן ישוב א"י.

סופריאל ענפערט איהם, איך פארשטייא דיך גאָר נישט, דיא פרעגער, דיא עקשן, וואָס דיא פרעגסט נאָר קשיות. מען האט דיר שוין איינמאָל געזאָגט אז דער געדאנק פאן ישוב א"י איז וויכטיג, אין דיא ווילסט נאָר פרעגען קשיות אזוי וויא דיא פרעגסט קשיות אויף גאָטט ב"ה פאר וואָס דאָס גלות דויערט, אין בארעכנסט גאָר נישט אז אויף גאָטט ב"ה קעננען מיר שטערבליכע מענשען גאָר קיינע פראגעס מאכען, אין מיר מיזען אימסער זאָגען גדולים מעשי ד' דרושים לכל חפציהם!

א נאָ ברידער שאלתיאל, גיב נאָר א קיק אויף אינזער ליטעראטור אין אויף אינזערע הייליגע שפראכע שפת קודש וויא אזוי זיא איז ארינטער גיזעצט בייא אינזערע ברידער. עס גיבט זאָלכע פאן אינזערע ברידער וואָס שעהמען זיך מיט אונזער ליטעראטור אין מיט אינזער הייליגער שפראכע, אין לאָזין אינזער טייערן גאָרטען דעם גן נחמד מיט דעם עץ החיים גאָר הפקר אין קיקען זיך גאָר נישט אים אויף זייערע אייגענע הייליגע שפראכע, אין לויפען קלויבען בלומען

אין פרעמדע גאֶרטנעֶר! ברידער שאלתיאל עֶס וואָלט מיך גאָר נישט געהארט אויף זייא ווען זייא זעטעֶן זיך פריהער אָן אין זייער אייגענעֶם גאָרטען מיט תורה אין חכמה אין דאן זאָללען זייא געהען קלויבען השכלה אין פרעמדע גאֶרטנער אין צוזאממעֶן בינדען התורה וההכמה והשכלה אין איין בינד, דאָס וואָלט מיר זעהר רעכט געוועהן. זייא אבער טיהען נישט אזוי. פאן זייער גאָרטען לויפען זייא אוועק גאנץ וויט אין קיטעֶן אין דעם פרעמדען גאָרטען קויפען דיא [השכלה, דערווייל טרעפען זייא צי דיא ביטטערע קרייטער אין עס פערגיפטעט זייא דאס גאנצע נפש הרהניות ביז זייא לייקינען אָפּ דיא השגחה פרטית מהבורא ית"ש. אין דאָס קימט צי זייא נאָר דאפיר ווייל זייא האבעֶן פערלאָזט זייער אייגענעם גאָרטען פין דעם עץ החיים וואָס דאָס איז דער יסוד פין כל החכמות, מיט זייער הייליגע שפראכע, אין פאן זייא שטאמען ארויס דיא מהרפ-אל בקרב ישראל. נאָ פרעג איך דיך ברידער שאלתיאל, האָסט דיא נאָך רעֶכט צי פרעגען אויף גאָטט ב"ה פאר וואָס דיא גאולת ישראל קימט שוין נישט. מיר זעהען אז דיא נידריגסטע פאֶלקער פין דער וועלט האָבען ליעב אין גערן זייער נאציאָנאל שפראכע, אין אָפּפערן זיך זאָגאר פיר זייעֶר שפראכע, אין דאפיר האבען זייא מעהר איינינונג, אין גראדע מיר ישראל וואָס מיר האבען אינזער הייליגעֶ תורה מסיני ערהאלטען אין דער נעמליכער שפראכע, אין אינזער גאנצע ליטעֶראטור איז אין דער שפראכע געֶשריעבעֶן, זאָללעֶן מיר גראדע אינזעֶר הייליגע שפראכע אוועק ווארפעֶן אין מיר זאָללען זיך שעהמען מיט דעֶר שפראכע וואָס גאָטט ב"ה האט גירעד צי זיינעֶ קנעכט דיא נביאים? — דאפיר איז אויך בייא אינז קיין שלום אין אחדות נישט.

זעֶהסטי ברידער שאלתיאל זאָלבע פאן אונזערע ברידער וואָס זייא שעהמען זיך מיט אינזער ליטעראטור אין וויסען נישט אינזערעֶ עקרי האמונה אין האבען זיך גיט אָנגיזעט פאן דיא ביטערעֶ קרייטער אין עס דאכט זיך זייא אז זייא זענין דיא גרעֶסטע חכמים, אין זאָגען אין אלהים, כי הטבע וכל כחותיה היא האלהים, אז דיא נאטור מיט איהרע קרעֶפטע איז גאָטט ר"ל, נישט נאָר זייא זינדיגען מיט זייער דומהייט געגען גאָטט ב"ה וואָס ער האט דיא גאנצע נאטור מיט זיין חכמה באשאפען אזוי וויא דער נביא ישעיה שרייט, שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה, הייבט אויף אייערע אויגען צי דיא הויכע הימלען

אונד זעהט ווער האט זייא באשאפען, זאָנדערן זייא שאדען מיט זייער דומה׳יט דעם כלל ישראל צווישען דיא פעלקער. אזוי ווי א מ׳ר האבען גיהערט אין דיא צייטען אז דיא אנטיסעמיטען אינזערע פיינדע זאָגען אז דער רוח הכפירה, דער גייסט פאן לייקנען אין גאָטט ב״ה קומט ארויס פון יודען, אין מיר יודען זיכען צו שטערען אין צו פערדערבען אללע גלויבענס פאן זייער יסוד, מיט בעווייז אז אינטער יוהדען גע־פינט מען פיעל וואָס זייא גלייבען נ״ט אין גאָטט נאָר אין דער נאטור אזוי זענען אינז חושד אינזערע שונאים אין ד׳עזער צייט, כדי זייא זאָללען אינז קעננען איבערפאללען אין אינז אָפרויבען. אין דעם חשד האבען מיר נאָר דורך דיא פאן אינזערע ברידער וואָס האבען פער־לאָזט דעם יסוד פאן אינזערע עקרי האמונה אין אינזערע הייליגע שפראכע שפת קודש אין זענין געגאנגען קלויבען ביטטערע קרייטער אין פרעמדע גאָרטנער. — דעם אֱמת אבער ווייסט דיא גאנצע וועלט אז מיר יודען גלייבען אין איין איינציגען גאָטט אין אויף אינזער פאהנע איז אויסגעקריצט ה׳ אחד, אין אינזער הייליגע תורה לערינט אינז דיא השגחת הבורא (בדבר ד׳ שמים נעשו וברוח פיו כל צבאם), נישט ח״ו צו גלייבען אין דער טבע, זאָנדערן מיר זאָללען אויס־ברייטען דיא גאָטטהייט אין דער גאנצער וועלט, אזוי וויא מיר בעטען (ויכירו וידעו כל יושבי תבל כי לך תכרע כל ברך תשבע כל לשון לפניך ד׳ אלהינו יכרעו ויפולו ולכבוד שמך יקר יתנו) נישט אזוי וויא אינזערע שונאים זענען אינז חושד, אין מיר זענין נישט ח״ו געגען קיין איינציגער אמונה וואָס זייא גלייבען אין השגחת ד׳ בורא שמים וארץ.

סופריאל זאָגט צו סודיאל אין צו אללע זיינע ציהערער: ברי־דער, עס וואָלט שוין צייט גיוועהן אז אינזערע שרי ישראל זאָללען אכטינג געבען אויף אינזער הייליגע ליטעראטור אין זיא ערהעבען פאן איהר נידריגען שטאנד. מיר האבען ב״ה בדור הזה גרויסע לי־טעראטען וואָס זייא קעננען גרונדליך אינזער הייליגע שפראכע. ווא־רום זאָללען מיר נישט צוזאממען ריפען איין קאָנגרעס פאן חכמים אין גרויסע ליטעראטען אום אויס צו ברייטען אינזער הייליגע שפראכע אינטער דעם פאָלק ישראל. דיעזעס קען פיעל נוצען ברענגען וועגען אינזער נאציאָנאליטעט, אויך וועגען אינזער הייליגער אמונה, וויל דאָס קען אויך איינינגען אינזערע ברידער מיט שלום אין אהדות,

וועהרענד זאָ זענען מיר פרעמד איין ברידער פאן דעם אנדערן. דער אישפּאניאָל איז פרעמד פין דעם דייטשען, דער דייטשער יוד איז פרעמד פין דעם פּאָלנישען יוד, דער פּאָלנישער איז פרעמד פין דעם ליטער יוד, אין דער ליטער יוד איז פרעמד מיט זיין דיאלעקט פאן דעם רומענישען יוד, א. ז. וו. אין דערך דעם איז אויך איין פרוד הלבבות בקרב ישראל.

יא ברידער, דאָס וואָלט אויך געוועהן דער ערשטער שריט אויף דער בעסטער שריט ליעוד הלאומי צו איינינען אינזער נאציאָנא-ליטעט ברגל האחדות והשלום, (ד׳ אחד וגוי אחד ותורה אחת ושפה אחת לכל ישראל), אויף אינזער פאהנע וואָלט געוועהן אויסגעקריצט איין גאָטט, איין פאָלק, איין תורה אונד איין שפראכע לכלל ישראל.

---

## איין וואָרט צו דיא גישעצטע לעזער!

געעהרטע ברידער! עס וועט איך פיעללייכט איין וואונדער זיין אויף דיא רייד פאן סופריאל, וואָס ער רעדט זאָ אייפעריג אויף אינ-זערע ברידער וואָס זייא שעהמען זיך מיט אינזערע הייליגע שפראכע און מיט אינזער ליטעראטור, אין אהר וועט פרעגען וויא קען דאָס זיין? איז דען ח״ו אינזער תורה פארגעססין געוואָרין פאן אינז? האָ-בען מיר דען נישט בכל תפוצות ישראל אין יעדער געמיינדע איין ארון הקודש דיא תורה אין געזעצע? לערנען מיר דען נישט אינזערע קינדער ה״ו קיין תורה? — יא ברידער, איך מיז אייך ערקלעהרען אז סופריאל ווייסט גיט וואויל אז מיר האבען איין ארון הקודש אין אינזער הייליגע תורה. זיין פערלאנגען איז אז מען זאָלל זיא אויך לערנען, ללמוד וללמד. און אז מיר וועלין לערנען וועלין מיר אויך קעננען אינזערע הייליגע שפראכע מיט אינזער ליטעראטור אינטער דעם פאָלק ישראל אויסברייטען, אין זיא ערהעבען פאן איהר שלעכ-טען מעמד!

טייערע ברידער, איהר האט רעכט מיך צו פרעגען מי שמך לאיש זאָ איין נידריגער מענש וויא איך זאָלל גאָר רעדען פאן ליטעראטור אין וואָס הארט עס דיך? — אויף דעם מיז איך אייך ענפערן:

ברידער, עס גיבט פיעל ניעדריגע אין געפאללענע חכמים אונד שרייבער למאות ולאלפים אונטער אינזער פאָלק וואָס עס קוועהלט

זיא זייערע הערצער אין זעהען מיט זייערע אויגען צו דיא שלעכטע אויפפיהרונג אינטער אינזער טייער פאלק, אין מעהרערע געגענ-שטענדע, צ״ב איין שטאדט וויא ט״ מיט 11 בעלי בתים אין האט 2 שיהלען מיט 2 שוחטים אין עס איז תמיד מחלוקת, וואס עס איז גאר איין חלול השם אז מען קומט פאר מיט דער קריג פאר דעם לאנדעס געריכט, נאך אין דער געגענווארטיגער צייט . . . וואס דיא איינינגונג קען אינז צו דעם גרעסטען גליק ברענגען. אין נאך אנדערע פעהלערס, אפשר נאך גרעססערע, וואס מען קען זייא גאר דא נישט שרייבען. אנשטאט מיר זאללען צייגען דער וועלט אז מיר ישראל זענין באמת דאס אויסערוועהלטע פאלק פאן גאטט ב״ה (כי בך בחר ד׳ לנחלה לו) מיט אינזער הייליגער תורה וואס לערינט אינז נאר שלום (וכל נתיבותיה שלום), צים סוף מיהען מיר פונקט פערקעהרט, אין אז איינער פין דיא געפאללענע הכמים אין שרייבער, וואס אזוי איינער וויא איך קים אפילו נישט לעפר רגליהם, וועט זיך איינ-שטעללען אין וועט זאגען דעם פאלק, ברידער, לאזין מיר שוין איין מאל פערלאזין דיא שלעכטע זיטען פאן מחלוקת מיט דיא אמביציא-נען, נא וועט מען איהם דען אויך נישט זאגען גלייך וויא מיר מי שמך לאיש, ווייל חכמת מסכן בזויה.

טייערע ברידער, איך מיז אייך זאגען אז איין געפאללענער אין איין פערארבטעטער זעהט איין מאל פיעל מעהר ארוים אין איין נא-ציאנאל פערהאנדלונג אלס איין גרויסער אין געשעצטער. לאזין מיר זעהען צ״ב, איין גרויסער עושר האט געמאכט איין חתונה, איין גע-פאללענער ארימאן איז פארביא געגאנגען אין האט געהערט איין גרויסע שמחה, איז ער אויך אים געבעטען אריין געגאנגען, פיעל-לייכט וועט ער אויך עטוואס געניעסען פאן דער שמחה. אלזא וויא איז דאס פלאץ פאן איין אימגעבעטענעם, זיכער בייא דער טיר אדער נעבען אויוועז, דארט בלייבט ער זיצען אליין (ישב בדד וידום), ער זיצט גאנץ רוהיג אין שטיל, ווער קיקט זיך דען אים אויף איהם. נעבען איהם איז קיינער נישט גיוועהן. דערווייל האט דער אימגע-בעטענער ארימאן צייט געהאט אללעס צו בעטראכטען וואס עס געהט פאר אויף דער חתונה. ער האט אויך צייט געהאט צו בעטראכטען אללעס וואס עס געהט פאר אין טאנץ סאלאן, וויא איינער טאנצט אין איינער טרינקט, אין איינער וויינט ווייל ער איז מלא שמחה,

איין רעש מיט איין גרויס געשרייא, אין מען איז פערטראָגען, פאר
גרויס שמחה שפירט נישט קיינער וואָס עס געהט פאָר נעבען זייא.
דערווייל אין דעם רעש געשעהט איין גרויסע שענדליכע זאכע, אין
דערך דער זאכע ענטשטעהט איין גרויס מהלוקת, ווייל מען קען נישט
אין דעם רעש וויסען ווער עס האט דיא שענדליכע זאכע געטאָן,
אלזאָ טייערע ברידער, ווער האט אין דעם רעש גיט גיזעהן ווער עס
האט דיא שענדליכע זאכע געמאכט, נישט דער פעראכטעטער אין
געפאללענער וואָס זיצט דאָרט אינטערן אויבען גאנץ שטלל אונד
רוהיג וואָס עס קיקט זיך גאָר קיינער אויף איהם נישט אים דאָ אויף
דער קליינער וועלט חתונה? אין וואָס ער האט אויף איהר גאָר נישט
געגאָססען, אין זיינע געדאנקען וואַרען איהם גאנץ ריין, נישט פער-
טראָגען אין נישט פערטרינקען. — היינט וועלין מיר זעהען בייא
דער גרויסער וועלט התונה, אזוי וויא אינזערע חכמים ז״ל זאָגען הני
עלמא דבי הלולא דמיא, אז דיא גרויסע פאָליטישע וועלט אָדער וויא
איינגע ריפען זייא דיא קלוגע אָדער נארישע וועלט, אָדער וויא איי-
ניגע ריפען זיא גאָר דיא שווינדלערישע וועלט, אָדער וויא אינזערע
פרימע ריפען זיא גאָר עולם השפל, אין אינזערע חכמים גלייכען דיא
וועלט צי איין גרויסער חתונה וואָס מען לויפט אויף איהר אים וויא
פערטראָגען, גלייך וויא אויף איין ירוד זייער קאָמערץ צי פערברוי-
טערן אונד איניגע זייער מלאכה אויס צי בעססערן. אייניגע לויפען
געלד צי זאממלען אפילו נישט מיט יושר אין איז פרעהליך אין לאכט
אין טאנצט אין זינגט, אונד איניגע וויינען אין קלאָגען וואָס מען
האט בייא זייא אוועק גערויבט מיט אימרעכט זייער ביסעל פערמע-
גען וואָס זייא האבען עס מיט שווערער מיה פערדיענט. אייניגע
האבען פיעל גיטער אייגענע אין עס איז זייא אלץ וועניג, אין לויפען
אימּמער אוועק צי נעמען מיט געוואלד יענעמס קליינע גוט (נחלת
ציון) אויך. דאָס קליינע טייערע גוט וואָס ער האט עס געהאט בירושה
פאן זיינע טייערע עלטערן, ארץ נחלת אבותינו. דאָס האט מען
איהם שוין לאנג אוועק גינעמען, אין אז דער געפאללענער אין פער-
אבניעטער האט זיך שוין קוים מיט שווערער מיה אין גרויסע פלאגע
אויף פרעמדע גיטער בעזעצט אין זיך אביסעל איינגעבירגערט, אין
איז טרייא מיט לייב אונד זעלע זיין נייעם פאטערלאנד. אין צאָהלט
גלייכע שטייערן וויא דיא אנדערע קינדער פאן דעם לאנד. — נאָ

ברידער, זענען דען אינזערע געגנער מיט דעם צופרידען? זיכען זייא דען נישט אללע מיטטעל זייא זאָללען אינז דאָס ביסעל רעכט אויך אוועק נעהמען? — נאָ טייערע ברידער, ווער פיהלט מעהר דיא שמערצען פאן דעם עולם השפל, פאן דער גרויסער וועלט חתונה נישט מיר יודען וואָס מיר זענען דיא געפאללענע אין פעראכטעטע? אזוי וויא דער הייליגער נביא קלאָגט (השלך משמים ארץ תפארת ישראל). — ווער שמיסט אינטער אינזער פאָלק ישראל דיא גאנץ געפאללענע מיט דעם גרויסען נאציאָנאל געפיהל, דיא גאנץ צופרי-דענע וואָס זייא קענגען אויך היסען דיא רייכסטע, ווייל זייא וואָל-טען צופרידען געוועזען מיט פת הריבה ושלוה בה, אז זייא זאָללען האבען נאָר טריקען ברויט וועגען זייערע פאמיליעס צו פערזאָרגען, אבי ישראל זאָלל זיצען בשלום ובשלוה, דיא שפיהרען אוודאי פיעל מעהר דיא צרות ישראל (במסתרים תבכה נפשם) עס וויינט אין זייא אין געהיים דיא זעעלע. זייא זעהען גיט ארום דיא פעהלער פין דעם עולם השפל אין פין דער פערטראָגענער וועלט התונה מיט איהרע אויפפיהרונגען, ווייל זייא בעגעבען זיך נישט מיט קיין קאָמערץ אין האנדעל, אז זייערע קאָפּף זאָללען זייא זיין פערטראָגען, אין טראכ-טען אימטער וועגען טובת כלל ישראל. יושב בדד וידום, בלייבען זיצען אזוי אליין אין מיזען שווייגען, ווייל זייא זענען אויך פעראכטעטע ביא זייערע אייגענע ברידער, ווייל זייא זענין אָרים אין אז זייא ווילען עפיס רעדען ווערין זייא נאָך אויסגעלאכט.

ברידער, לאָמיר בעטראכטען וויא טייער עס זענען דיא הייליגע רייד פין אינזערע חכמים ז"ל, וואָס זייא זאָגען (הווי זהיר בבני העניים שמהם תצא תורה), זאָללסט היטען דיא אָרימע קינדער, ווייל פין זייא מוהט ארום געהן דיא תורה. דאס הייסט, ווען דער מענש איז רייך אין פיהרט גרויסע געשעפטען איז ער פארטראָגען אין טרדות העולם אין האט גאָר קיין צייט זיך אָפּצוגעבען מיט גייסטשע געפיהלע, וועניגסטענס זאָלל ער היטען אין שטצען דיא אָרימע, וואָס האבען צייט זיך אָפּצוגעבען מיט גייסטשע אָדער מיט נאציאָנאל געפיהלע, אין זייא נישט אויס צו לאבען אָדער זיך גאָר צו שעהמען מיט אינ-זער הייליגע ליטעראטור, ווייל דיעזע אָרימע קענגען מיט זייערע גע-פיהלע דעם כלל ישראל פיעל נוצען ברענגען.

טייערע לעזער, אָמת איהר האט רעכט צו פרעגען אויף מיר אז

איך זאָ איין נידריגער מענש זאָלל גאָר רעדען פאן ליטעראטור, נאָר איך וועל אייך מאכען איין קליינעם בעגריף כדי איהר זאָללט מיך דן זיין לכף זכות. מיר וויסען אז אין חכם כבעל הנסיון, עס קען קיין איינציגער קיין חכם זיין אין דער זאך ביז ער ווערט נישט מיט דער זאכע אליין געטראָפט. — למשל איין אָרימאן מיט איין נאציאָ־נאל געפיהל אין עס ברענט איהם שוין גיט דאָס הארץ על צרת ישראל, אין ווילל זיך שוין איינשטעללען איין וואָרט צו רעדען, דא־מאלס הייט ער דעך נישט דיא מאטעריאלישע קרעפטע דאס הייסט קיין געלד, מיט וואָס זיין ווערק ארויס צו געבען, דאן מיז ער זאמ־לען אבאָנענטען. ער איז גלייך צו איין אָרימען קראנקען וואָס ער האט איין גרויסע ווינד אויף זיין קערפער, אין אין מיטען דער נאכט גליסט זיך איהם זיין ווינד צו פפלעגען אין פרישע זאלבע צו לעגען, עס איז איהם גיט פינצטער, ווייל ער האט נישט דיא מאטעריאלישע צינדהעלצעל, דאָס געלד, ער זאָלל דאָס ליכט . . . זיינע געוויססען צו זיין פאָלק ענטדעקען. — טהייערע לעזער, שטעללט אייך פאָר, איך קליינער מחבר פאן דעם קליינעם ספר האט זיך מיר אויך גע־גליסט איין וואָרט צו שרייבען, גראדע יעצט ווען איך האב נישט פאן דיא מאטעריאלישע קרעפטען וואָרין (בצר לך ומצאך את כל הדברים האלה), וואָרין דעמאלס ווען איך האב איין מאָל עפיס געהאט, בין איך גיוועהן אזוי פערטראָגען אויף דער וועלט התונה אזוי וויא אנ־דערע פין דעם עולם השפל. — נאָ וואָס טיהט מען? דאס הערץ גליסט אבער דאָך אצינד אין דער קריטישער צייט עפיס איין וואָרט צו שרייבען? אלזאָ וואָס טיהט מען, מיז מען שוין זיכען קלענערע בעלי בתים אין בעלי מלאכות אום איך זאָלל קעננען דיא זאכע צו שטאנדע ברענגען. — איה שוקל ואיה סופר את כל התלאות אשר מצאתני, ווער קען איבערוועגען אין ווער קען ארויסשרייבען דיא פלאגען וואָס עס האט מיך געטראָפען. נאָר גאָטט . . . דיא קלע־נערע קלאססע פאן אינזערע ברידער פערלאנגען נאָר אין מעהר וואָס פיר איין ווערק זאָלל עס זיין נאָר ריין יודיש זשארגאָן אין שעהמען זיך נישט מיד יודישע לעטטערן אין מיט דעם געדאנק פאָן ישוב א״י אוודאי נישט וויא דער העֶרר ב׳ אָדער הערר ז׳, אבער וואָס העלפט עס, עס איז זייא נעביך זעהר שווער צו געבען בייא דער ביטערער צייט דיא 2 פראנק. עס האבען זיך מעהרערע איינגעשריבען וועגען

אבאָנאמענט, עס איז מיר אבער גיוועזען זעהר שווער איינצוקאסירען אין איך גלייב זייא אז עס איז זייא געבליבן זעהר שווער בייא דער צו געבען. — דערווייל האב איך שוין קיין כח אויף דיא פיסע אים צייט צו לויפען אין דער גרויסער שטאדט.

טהייערע לעזער, מיינט נישט אז מיין פרינציפ איז, אז איך זאָלל אייך דאָ פאָרשטעללען מיינע אייגענע צרות, ניין, נישט דאָס איז מיין ציעל, זאָנדערן איך וועל אייך נאָר איין בעגריף מאכען אויף אינזערע ליטעראטור אין וואָס פיר איין לאגע זיא געפינט זיך, מען קען זיך שוין פאָרשטעללען וואָס עס ליידען דיא גרויסע מחברים אין דיא גרויסע שרייבער מיט זייערע וויססענשאפטליכע ספרים בשפת עבר נישט מיט קיין זשארגאָן פאנטאזיע היבערל. וואָס ליידען זייא געבעך, אין דער צייט וואָס מען ריפט אינזער הייליגע שפראכע שפת עבר — שפה מתה. . . . . טייערע לעזער איך מיין אז איהר וועט אויך מלמד זכות זיין אויף סופר אלס אָביגע רייד יואָס ער האט פריהער גירעד מיט סודיאל אין מיט אללע זיינע חברים איבער אינזער ליטעראטור . . . יעצט טייערע לעזער וועלין מיר זעהען וואָס מיט דעם מחכה איז ווייטער פאָרגעגאנגען אין דער פאנטאזיע פאן חזיון ליל.

יהדיאל זאָגט מיינט נישט ברידער אז נאָר אינזער ליטעראטור אליין איז אריינטער גיזעצט, עס איז נאָך דאָ עפיס אנדערס אויך, איך מיין אז דאָס וועט איהר מיר אוודאי מודה זיין אז בדור הזה שעהמט מען זיך זאָגאר מיט דיא יודישע נאָמען, זאָלכע נאָמען וואָס זייא זע-נען פערבינדען מיט אינזער הייליגע געשיכטע, צ"ב אברהם רופט מען אדאָלף, יצחק מיט איזידאָר, יעקב מיט זשאק, יהודא מיט יוליוס, שרה מיט שארלאָטי, אסתר מיט ערנעסטינע א. ז. וו., נאָ ברידער, פרעג איך אייך דארף נאָך זיין א גרעסערער חלול השם וויא דאָס? נאָך אזעליכע טייערע נאָמען וואָס זייא זענין אָנגעקניפט מיט אינזער הייליגער תורה אין מיט אינזערע נאציאָנאל געשיכטע, וואָס דיא נאָ-מען צייגען אינז אז מיר זענין ווירקליך דיא בני ישראל, אזאָליכע טייערע נאָמען זאָללען מיר גאָר פערוועקסלען אויף אנדערע וואָס זייא זענין גאָר פרעמד פאן אינז אין פאן אינזערע עלטערן! — אין דיא שאלתיאל דיא עקשן, דיא פרעגסט קשיות פאר וואָס דיא ער-לעזונג דויערט אזוי לאנג, מיר בעטען זיך (ופדה כנאומך יהודה וישראל)

זאָלסט אינז גאָטט ב׳ה ערלעזען אזוי וויא דיא האָסט אינז פער־שפראָכען יהודא מיט ישראל, וועמען זאָלל גאָטט ב׳ה ערלעזען צי יהודא וישראל, צי יוליוס מיט איזידאָר . . . מיר פערגעססען אז דערך 3 זאבען האבען מיר דעם זכות געהאט אז מיר זאָללען אויסגעלעזט ווערין פין מצרים ווייל מיר האבען נישט גיענדערט אינזערע נאָמען אין אינזער לשון אין אינזערע קליידער.

טייערע לעזער, נאָך דיא אָביגע רייד פאן יהדיאל וואָס זיין ציעל איז דיא יודען צי אייניגען אויך מיט דיא אָמתה יודישע נאָמען, האב איך דיא געלעגענהייט איך צי ערינגערן איין וואָרט וואָס איך האב גיהערט פאן הרב הגאון מלבים ז׳ל אויף דער פסוק: אמר אויב ארדוף אשיג אחלק שלל, בזה הלשון: אז ווען דער שר של מצרים איז נאָך געלאָפען דיא יודען ביז צום ים סוף, האט ער געטראָפען דעם שר של אדום, אין האט זיך פאר איהם גיקלאָגט, האט איהם דער שר של אדום נעטרייסט אין האט איהם אזוי געזאָגט זאָללסט וויססען, אצינד איז שוין אימזיסט דיין מיה וואָס דיא לויפטט אזוי פערטראָגען דיא יודען מיזען אצינד גערעטעט ווערין, ווייל גאָטט ב״ה וויל זייא רעטטען אין דיא מיסט פאללען . . . נאָר וואָס דען, אמר אויב דער פיינד האט געזאָגט, דאס הייסט דער שר של אדום האט געזאָגט צי דעם שר של מצרים ארדוף, איך וועל זייא א מאָל נאָביאָגען, דאס הייסט, אז דיא ישראל ווערין צו מיר קימען אינטער מיין קראפט, אשיג, אז איך ווער זייא גרייכען, אחלק, וועל איך זייא צטהיילען שלל, ר״ת פאן שלל איז שמם לשונם לבושם . . . זייערע נאָמען אין זייער לשון אין זייערע מלבושים.

יוריאל זאָגט צי סודיאל אין צי אללע זיינע חברים: ברידער, עס וואָלט רעכט גיוועהן אויב מיר ווילען באמת ציינען גאָטט ב״ה אז מיר גליסטען בכל לבנו לנחמת ציון ולבנין הלאום, וואָלט כדאי גיוועהן אז מיר זאללען איינפיהרען צווישען אינזערע ברידער אפילו דאָ אין חוץ לארץ דיא מצות המעשר, דאָס הייסט יעדער פאן אינ־זערע ברידער זאָלל בייא איהם איינגירעכינט זיין דאָס ער איז אין ארץ ישראל געבוירען אין ער דארף מקיים זיין מן התורה עשר תעשר את כל תבואות זרעך היוצא השדה שנה שנה, (דברים י״ד). אזוי זאָללען מיר העלפען פאן אינזער פערמאָגען אינזערע ארמע ברידער וואָס וואנדערן אוים נאך א״י איין קאָלאָניע אויף צי שטעללען פאן

עבודת אדמה, זענין מיר מחויב זייא צו העלפען בכל כחנו נתן תתן לו ולא ירע לבבך בתתך לו כי בגלל הדבר הזה יברכך ד״ אלהיך בכל מעשיך ובכל משלח ידך (שם ט״ו). — וויל דיא ארמע בר דער וואָס וואנדערן אויס נאך א״י איין קאָלאָניע צו מאכען וועגען עבודת אדמה, מיזען מיר זייא מיטהעלפען כדי זייא זאָללען קעננען לעגען דעם גרונדשטיין לבנין הלאום .... והאבן הזאת אשר שמתי מצבה יהיה בית אלהים וכל אשר תתן לי.... עשר אעשרנו לך ..... (בראשית כ״ח).

יודיאל זאָגט נאָך, אז מיר וועלין דיא צדקה איינפיהרען אינ-טער אינזערע ברידער וועט דאָס זיין צדקה במשפט, דאמאלס וועלין מיר מקיים זיין דיא רייד פאן גאָטט ב״ה (ישעיה נ״ו) שמרו משפט ועשו צדקה, כי דערפאר קרובה ישועתי לבוא וצדקתי להגלות ... וציון במשפט תפדה ושביה בצדקה, ....

נסיאל פרעגט מחכה, אָמת עס שטעהט דאָך אין פסוק שובו אלי ואשיבה אליכם, עס שטעהט דעך אבער אין איין אנדער פסוק בשוב ד״ את שיבת ציון, איז דעך משמע אז גאָטט מיז א״נז אומ-קעהרין? ...

מחכה ענפערט נסיאל, דיא האָסט ריכטיג איין גיטע קשיה גע-פרעגט, נאָר איך וועל דיר ענפערן מיט איין קליינעם משל. איין גרויסער קאָניג האט געהאט איין איינציגען זיהן וואָס ער האט איהם זעהר ליעב געהאט, האט ער איהם באפוילען ער זאָלל איהם בויען איין פאלאסט, וויל ער ווילל איהם צו ליעב מיט איהם וואוינען א״ן איינעם. דער גרויסער קעניג האט איהם צו ליעב פערלאָזט זיין גרוי-סען אין טייערען פאלאסט, אין איז געקוממען צו ליעב דעם קינד וואוינען אין איין קלאָענערן פאלאסט. (ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם, אזוי וויא דער מדרש זאָגט, אז הקב״ה האט געלאָזט דיא פמליה של מעלה אין איז צו ליעב ישראל געקוממען ריהען אויף אזוי איין קליין מקום).

וויא דער קאָניג איז ארינטער געקוממען האט ער גיזעהן דיא שלעכטע אויפפיהרונג פאן זיין קינד, האָט ער איהם אָנגיהויבען צו שטראָפען מיט גיטע רייד אין מיט ראָזען, אין דאָס קינד האט תמיד געטיהן פארקעהרט, אין האט נאָך דעם פאטער אין דיא אויגען זעהר שלעכטע טאטען געמאכט. אלזאָ דער קעניג איז באָז געוואָרן אויף

דעם קינד אין האט איהם געזאָגט: זעה בן שובב, זעה וואָס דיא טיהסט דיין טרייען פאטער, וואָס איך בין ארינטער געקיממען פאן מיין טייערן פאלאסט צו לעב דיר, איך זאָלל מיט דיר וואוינען. (הלד" תגמלו זאת עם נבל ולא חכם), זאָלסט וויססען איך וועל מיך צוריק ארויף ציהען אין מיין פאלאסט, איך האב וויא צו וואוינען, נאָר דיר וועל איך לאָזען דיין פאלאסט צערשטערען אין דיא ווערסט ארויסגעוואָרפען אין פעריאָגט. — נאָר אז עס וועט דיר ארויס דיא ווילדקייט פין דעם קאָפף אין ווערסט מיך קימען איבערבעטין, דאמאלס וועל איך צו דיר ווידער ארופקימען.

יעצט פארשטעהסטו נסיאל, דאסזעלבע איז דאָ אויך, השי"ת זאָגט אינז שובו אלי, קעהרט אהר אייך צום אללעם ערשטען אים צו מיר, דאן וועל איך מיך ווייטער פין מיין פאלאסט אימקעהרען צו אייך. דאָס מיינט דער משורר בשוב ד' ווען גאָטט וועט זיך אימקעהרען את שיבת ציון מיט דיא וועגגעפיהרטע פאן ציון. דאס הייסט זאָבאלד מיר וועלין זיך נאָר אימקעהרין פין חוץ לארץ נאך ארץ ישראל, זאָ וויררד הקב"ה זיך פאן זיין פאלאסט של מעלה צו אינז אימקעהרען אויף אייביג מיט זיין שכינה קיין ציון, אין דערפאר בעטען מיר ותחזנה עינינו בשבך לציון ברחמים אָמן.

מהרסיאל האט דאָ גיהערט אז מען האט איהם דאָ אויבען דערמאהנט אז ער האט בייא יודען אוועק גירויבט פאן דעם געבעט דיא לעצטע אין דיא בעסטע האָפפנונג פאן זכרון ציון וירושלים גראדע ווא אין רייבער וואָס ער נעמט בייא מענשען אוועק דאס לעצטע העמד, איז ער זיך דאָ געקיממען אויספיינען אז ער האט דאָס צופליים געטיהן, כדי מען זאָל דיא יודען קעננען געבען אי-בערלל דאָס בירגערדעכט.

יוריאל ענטפערט איהם, מי בקש זאת מידכם, ווער האט דאָס בייא אייך פערלאנגט? האבען אינז דען נישט דיא לעצטיגע פעלקער נאָך בעפאָר איהר זענט געקיממען מיט אייער רעפאָרם, בירגער-רעכט געגעבען. ווייל גאָטט ב"ה האט מיט זיין חסד אויף זייא אנגע-פאנגען צו שאהנען. זעהט וואָס פאר איין צרה איהר האט אויף יודען געבראכט מיט אייער רעפאָרם. דאָס זאָגט איהר האט איהר גימיינט יודען לטובה, מילה אין שבת וואָס איהר האט מבטל גיוועהן דאָס האט איהר אויך גימיינט יודען לטובה? דערמיט זענט איהר נישט

נגד ד׳ ותורותיו ונגד הברית אשר כרת ד׳ אבותנו עם אברהם יצחק ויעקב? שעהם דיך מהרסיאל מינו דיינע אויפטיעבצער! דאָס איז וויל דיא ביזט א שכן מיט מחרפיאל, ער האט דיך אויף אזא וועג ארויף געפיהרט, אוי לרשע ואוי לשכנו וד״ל.

## קומי צאי מתוך ההפכה . . . . . רב לך שבת בעמק הבכה . . .

איין שטארקע שטיממע ריפט: מחכה מחכה! שטעה שוין אויף, שוין גענוג געשלאָפען! . . . דיא ווייסט אז דיא ועסט שוין באלד נישט טאָרין אויף שטעהן . . . . . איך האב מיך ערוואכט, איך האב געטראָפען מיין פרוי געבען מיר אין שרייט פאר וואָס איך שלאָף אזוי שפעט, עס איז שוין באלד 9 אוהר אין מען געהט שוין באלד פין דער שיל, אין דיא שלאָפסט: וואָס הארט דיך? האָסט שוין אל-לעס פערזאָרגט! דיא קיקסט נאָר ארויס עס זאָל זיין שבת אין דיא זאָלסט קעננען שלאָפען, אבי נישט געהן פערדינען!

איך בין גלייך אויף געשטאנען אין האב מיך געוואשען אין האב מיין פרויא גיענפערט אויף איהרע רייד: הלוואי וויא דערלעבען מיר שוין ליום שכלו שבת ומנוחה לחי עולמים . . .

— זעהסטי מיין מאנן וויא איך וויים אז דיא ווילסט נאָר עס זאָלל זיין שבת . . . דאָך זאָג מיר וואָב ביסטי אזוי לאנג געשלאָפען, האסט דיא אפשר עפּיס געחלומט?

— יא מיינע טייערע, איך האב זעהר איין גרויסען אין וויכטיגען חלום געהאט.

— מעשטיינס געזאָגט דיינע וויכטיגע חלומות! אוודאי עפּיס פאן א״י, טאָג אין נאכט ליגט דיר דעך נאָר אין קאָפּף א״י אין קאָלאָניעס אין קאָלאָניעס אין א״י, פעהלט דיר דען עפּיס מעהר?

לאָז מיך צירוה מיינע טייערע, האב איך איהר געזאָגט, עס איז שוין שפעט איך מיז דאווינען, עס איז דעך היינט שבת חנוכה אין מען דארף אויך זאָגען הלל. איך מיז שוין דאווינען אין דער היים וויל עס איז שוין שפעהט צי געהן אין שיל אריין.

ניין. האט זיא געזאָגט, דיא מיזט מיר צוערשט דערצעהלען דיין וויכטיגען חלום, וויל איך האב זעהר ל׳עב צי הערין חלומות . . .

יא, מיינע טייערע, אז דיא ביסט נייא געהריג צי הערין דעם חלום

געה געשווינד אין שיק אהער דעם מחבר פין דעם רעיון הנשגב, איך וועל איהם דערצעהלען דעם חלום, ווייל ער ווייסט גוט מיין הערץ . . . . ער וועט מיר אפשר דעם חלום קעננען אויסלעגען צי גיטען. — מיין פרויא אבער זאגט:

אך! מיין מאנן האסט דיא אויסגעזיכט איין גרויסען חכם דיא זאלסט דיר פאר איהם דיין הארץ אויסרעדין; אין דיין וויכטיגען חלום דערצעהלען, ווער שמסט איין שטילער עושר איז ער באלד וויא דיא גלייך. ער אין דיא זענטביידע איין גלייך פאר פאלק . . .

מחכה זאגט, איי דיא קינד, נאר זא איינער קען מיר גוט מיין חלום מטיב זיין . . . צווייטענס איין רייכער אין איין גרויסער חכם וועט זיך גאר נישט לאזין פאן מיר אזוי פעל דילען!

אמי געהט ריפען דעם מחבר, אין מחכה שטעללט זיך שוין דא-ווינען במנוחה . . .

## הלב בא להתיעץ עם כח השכל

— א גוט שבת ברידער מחכה!

— גוט שבת ברידער מחבר!

— וויא קומט דאס, זאגט דער מחבר, וואס דיא ביזט היינט אים שבת הנוכה נישט געוועהן אין שיל?

— יא ברידער, ענפערט מחכה, איך האב מיך פערשלאפען מיט זעהר איין וויכטיגען חלום, אז איך האב מיך פשוט מהיה געוועהן!

דער מחבר ענפערט: עס האט איין מאל א חכם געזאגט אז איין ארימאן חלומט איין גינען חלום איז גאר איין שאדע מען זאלל איהם אויפוועקען, ווייל אין חלום דאכט זיך איהם אז ער האט אללעם גוטס אין איז איין עושר, אין אז ער ערוואכט האט ער גאר נישט.

מחכה זאגט: נישט פאן רייכטהום איז מיין חלום, זאנדערן פאן אינזער הייליגען צוועק ישוב ארץ ישראל!

מחבר זאגט: איי, איי, ברידער מחכה, הלוואי וואלטען אללע אינזערע ברידער אין כלל אזוי פיעל געטראכט אין געחלומט אזוי וויא איהר ארימע מחכה׳ס טראכטען, וואלטען מיר שוין לאנג אינזער הייליגען צעל ערזייכט . . . נאר וואס העלפט דאס? . . .

דער מחבר זאגט צי מחכה״ס פרויא: מאדאם אין איהר האט אויך אזוי חשק צי פאהרין קיין א״י וויא אייער מאנן?

אֶמי זאָגט, אִיך ווייס? אז מיין מאמע זאָלל פאָהרין קיין א״י וואָלט איך אויך אפשר מיט געפאָהרין.

מחכה ענפערט איהר: איי דיא קינד, דיין מאמע איז דעך דאָרט שוין פאן לאנג!

אֶמי זאָגט: נאָ איך פרעג אייך הערר מהבר, ווייסט ער וואָס ער רעד? ווייסט דען נישט דיא גאנצע וועלט אז מיין מאמע איז דאָ? אין ער זאָגט גאָר אז זיא איז אין א״י! פינקט וויא נעכטין ביים טיש וויא ער האט מיך סעקירט, אז ווען ער האט געוויינט, און אז איך האב איהם געפרעגט פאר וואָס ער וויינט, האט ער מיר גיענפערט אז דאָס שטייסעל איז איהם ציבראָכען געוואָרין אין דערפאר וויינט ער. נאָ פרעג איך אייך הערר מחבר, ווערט נישט צו פיקעט דיא גאלל מיט זאָ איין מענשען צו רעדין?

דער מחבר זאָגט: ענטשולדיגען זיא מאדאם מהכה, זיא פערשטע־הען ניכט זיינע מיינונג. דיא מאמע איז שוין לאנג דאָרט, דאס הייסט אונזער הייליגע ערד פאן א״י דאָס איז דיא מוטטער, און אז מיר וועלין זייא באזעצין מיט איין קאָלאָניע וועט זיין אֵם הבנים שמחה, וועט דיא מוטער זיך פרייען מיט איהרע קינדער . . . און דעם שטייסעל מיינט ער אויך אינזער פאטערלאנד וויא עס איז אזוי ציבראָכען, ווייל מיר האבען אינטער אינז קיין שלום און אחדות, ווען מיר זאָללען זיין אללע געאייניגט אזוי וויא זאמד, מיט אינזער הייליגער אמונה וההכמה און מיט שלום און אחדות, וואָלטען מיר גיקעגנט בעזרת השי״ת אללעס אין אָרדנונג זעצען . . .

דער מחכה מאכט קידוש און טרינקט לחיים צו דעם מחבר:

לחיים ברידער! געבע גאָטט ב״ה אז דיא ישועת ישראל און דיא נחמות ציון זאָללען מיר זוכה זיין צו זעהען בקרוב בימנו!

דער מחבר ווינשט איהם און זאָגט, געבע גאָטט ב״ה אז מיר דער כלל ישראל זאָללען זוכה זיין צו זעהען דיא ישועות ישראל בהקיץ ולא בחלום, דאָס הייסט אויף געוואכט נישט נאָר און איין טרוים. אז מיר זאָללען קעננען זאָגען היינו כחולמים . . . אז מיר זענין גיוועהן פריהער אזוי וויא דיא טריימער.

דער מחכה פאנגט אן צו דערצעהלען דעם חלום און דיא פאנטאזיע וואָס האט א הם פאָרגעשטעללט בייא דער נאכט און חזיון ליל . . . און בעהט דעם מחבר אז ער זאָלל איהם דעם חלום פאן דער פאנ־

מאזיע פּותר אָדער מטיב זיין, דעם הלום וואָס איהר געשעצטע לעזער האט א׳הם שוין אויבען אין הזיון ליל גע‍לעזען.
דער מחבר הערט אויס זיינע ערצעהלונג.

## סוף דבר הכל נשמע

נאכדעם וואָס דער מחבר האט אויסגעהערט דעם מחבה מיט זיין הלום, האט ער צו א׳הם געזאָגט:

— הער אויס מיין בעסטער פריינד! איך זעה׳ע אז דיא האסט ווירקליך איין וויכטיגען הלום געהאט, מיט דעם אלימען מיז איך דיר זאָגען, דיא זאָלסט וויססען אז אין הלום בלא דברים בטלים. נאָר דיא פערלאנגסט דעך פאן מ׳ר אז א׳ך זאָלל ד׳ר דעם הלום מטיב זיין א׳ן איך זעה דעך אז דיין הערץ גליסט דיר שוין צו פליהען נאך א״י אין זאָגסט נכספה וגם כלתה נפשי לחצרות קדשך וכו׳. אמת עס איז זעהר ווירדיג דיין הערצענס פערלאנגען, אבער מיר דארפען ג׳ט בארעכינען מיט דעם כח השכל דעם צי׳על פאן דיין חלום.

נאָך דיא רעד פאן סודיאל א. ז. וו. אז דיא פּאָליט׳שע וועלט זעהט יעצט אויס וויא איין פער׳מישטעם וועטער, גראדע וויא אים ענדע פאם מאנאטה אדר מיט זיינע פערמישטע קלימאטען, אז פאן איין זייט מאכען אינז דיא שונאי ישראל דיא אנטסעמיטען שטארק פינצטער, א׳ן פאן אנדערע זייטען קימען דיא לעבט׳גע פעלקער מיט זייער ליכט צו שטרייטען געגען דיא שווארצע וואָלקען, דאריבער מיזען מיר גיט א׳בער רעכינען וויא אזוי דיא זאך דורך צו פיהרען.

אם ערשטען מיזען מיר גלייבען באמת אז דאָס אללעס איז פאן גאָטט ב״ה אויף אינז געקיממען, כדי מיר זאָללען זיך ער׳נערן אין זכרון ציון ולחונן את עפר ציון... ולבנין הלאום... אין מיר זאָללען ארב׳יטען בפועל נישט נאָר במחשבה, דאָס הייסט מיט א׳נזערע מאטעריעל׳שע קרעפטען, נישט נאָר מיט געדאנקען אל׳ין... אין אז מיר וועלין דעם אמת׳ן וועג אנגעהען, מיזען מיר גלייבען אז נאָך דיא פער׳מ׳שטע וועטערונג מיז דיא גאָטטל׳כע ליכט זיעגען... ווייל גאָטט ב״ה אונד זיינע מאכט איז גולל אור מפני חשך והשך ווידער מפני או׳ר...

בר דער מחכה, איך מיז דיר נאָך זאָגען אז דיא ווילכט אז איך זאָלל דיר דעם גאנצען תמצית החלום מטיב זיין, מיין איך אז לפי

קוצר דעתי וואָלט גיט געזוועהן אויף דיא אופנים דערך צו פיהרען דעם רמז פאן דעם חלום.

## אופן א׳ אמת

אז דער כלל ישראל זאָללען זיך עררינערן אין זכרון ציון אין דער הייליגער פינק פאן ישוב א״י זאָל אויפבליהען אין אינזערע הערצער וועיל דאָס איז דער אֶמת׳ר ציעהל וואָס מיט דעם ערקעננען מיר אהבת ד׳ אהבת אמונתנו ותורתנו, דיא ליעבע צו גאָטט ב״ה אין צו אינזער אמונה אין צו אינזער תורה.

## אופן ב׳ שלום

אז דער כלל ישראל זאָללען זיין געאייניגט מיט שלום אין אחדות וועיל מיט פרידען אין מיט איינגונג קעננען מיר עררייכען דעם גליק-ליכסטען ציעל פאן אינזערע הערצער . . .

## אופן ג׳ צדקה ומשפט

אז מיר דער כלל ישראל זאָללען איינפיהרען בכל מקומות פזורנו דיא אֶמתה צדקה פאן . . . . . . . . דאָס הייסט מיר זאָללען אללע מיטשטיערן, יעדער נאָך זיינע קרעפטען, אים צו העלפען אינזערע ארמע אונד פערפאָלגטע ברידער וואָס וועלין אויסוואנדערן נאך א״י איין קאָלאָניע מאכען פאן עבודת אדמה.

## אופן ד׳ חסד

דיא ערשטע קאָלאָניסטען זאָללען זיין ווירדיג אונד פלייסיג צו דער הייליגער ארבייט בתם לב אין זאָללען. האבען אמונת ד׳ אז פיר דעם חסד וואָס זייא טיהען מיט דער פערלאסענער אונד פערוויסטער ערד, דאפיר וועט אינז השי״ת שיקען דיא אֶמת׳ה ברכה פאן גשם נדבות פין דעם הימעל, אזוי וויא דער נביא זאָגט (ישעיה נ״א), וישם מדברה כעדן וערבתה כגן ד׳ וכו׳, אונד גאָטט ב״ה וועט מאכען איהרע וויסטע וויא עדן אונד איהרע וויסטענייען וויא איינען גארטען גאָטטס.

## אופן ה׳ חכמה

אן דער שפיצע פאן דער הייליגער ארבייט זאָללען זיין דיא ראשי ואלופי ישראל, וואָס אינזער הייליגע אמונה והחכמה והשכלה איז נר לרגלם. אויך פאן דיא חסידי אה״ע וואָס זייא וועלין זיך מיט זייא

איינשליעסען לטובת ישראל. דאס הייסט, אין יעדער געמיינדע בכל תפוצות ישראל זאָלל מען גרינדען איין קאָמיטעט פאן ישוב א״י מיט אנשי אֱמת והשכל, וואָס זיא זאָללען שטעהען אין דער שפיצע פאן דער הייליגע זאכע, אין דיא אללע קאָמיטעטען זאָללען קאָרראָספאָנדי-רען מיט דיא שרי ישראל, מיט דיא כנהדרי ישראל, צ׳ב אזוי וויא דיא כי״ח אין פאריז אין וועד שלוחי הקהלות בלאָנדאָן. אזוי זאָללען זיך דיא אללע קאָמיטעטען מיט דיא שרי ישראל איינינגען אין פאן זייא איין ראטה נעהמען וועגען דעם געדאנק פאן ישוב ארץ ישראל אין דיא שרי ישראל ווערין זייא שוין לערנען את הדרך ילכו בה ואת המעשה אשר יעשון. אין אז עס איז דאָ שלום אין אהדות איז השי״ת אויך מסכים . . . דאמאלס בעז״ה וגם כל העם הזה על מקומו יבוא בשלום . . . אין דאָס קען אויך זיין דער אנפאנג פאן קבוץ ישראל, כמ״ש הושע ב׳ ונקבצו בני יהודה ובני ישראל יהדיו ושמו להם ראש אחד . . . ועלו מן הארץ . . . בני יהודה דאָס זענין דיא הכמים מיט דיא מהוקקים צוזאממען פעראייניגט מיט דעם כלל ישראל . . . לבנין הלאום . . . מיט איין גאָמט אין איין תורה אין איין הערץ. עכ״ל.

דער מחכה זאָגט, ברידער מחבר דיין ראטה איז זעהר גיט אבער מתי יבוא ואראה? . . .

— יא ברידער, איך וייס עס בריעט דיך דער הייליגער פינק זעהר שטארק, איך גלייב דיר. אבער עס שאדעט נישט, לאָז דיך גיט בריען דאָס גאָטטליכע פייער . . . אבער נאָר נישט זייער גע-אילט, עס מיז מיט גיטע א בעדלעגונג זיין, ווייל דער אנפאנג . . . מיז זיין עפ״י דרך הטבע. דאפיר מיז דאָס זיין מיט הכמה ולא בחפזון עד שיפיה היום ונסו הצללים . . . ביז דיא שווארצע וואָלקען וועלין פאָראיבער געהען . . . דער עיקר איז אז מיר דער כלל ישראל זאָל-לען דעם גאָטטליכען פונקט נישט לאָזין אָפקיהלען פאן אינזערע הערצער . . .

דער מחכה זאָגט צי דעם מחבר, ברידער, איך האב דיר נאָך פיעל צי דערצעהלען פאן דעם חלום, דיא רעדעס פאן ציפיאל אונר נחמיאל א. ז. וו. אבער לידער איך זעה דיא איילט דיך.

דער מחבר זאָגט, יא ברידער מחכה איך איילע מיך, איך וואָלט נאָך גערן מיט דיר גירעד . . . אבער לידער עס פעהלט מיר דאס מאטעריאלישעס . . . דרוק פאפיער . . . אי״ה שפעטער בייא שלויש

סעודות וועל איך מיט דיר אין דברי נחומים מעהרערעס איבער דיין חלום רעדען . . . דערוויל ברידער מחכה, איידער איך וועל מיך פאן דיר שיידען, מיז איך דיך נאך טרייסטען מיט דיא רייד פאן דעם היליגען משורר דוד (תהלים פ״ה) וויא ער זאגט, אך קרוב ליראיו ישעו, יא נאוועגט איז צי דיא גאטטעס פירכטיגע זיינע הילפע, וויא געזאגט, איין מיטטעל איז דא אז איהר ישראל זאלט דיא גאטטליכע הילפע שנעללער האבען, לשכון כבוד בארצנו. אז הערדליכקייט זאלל ווידער ריהען אין אינזער לאנד, והסד ואמת נפגשו, ווען חסד אין אמת ווערדען זיך בעגעגנען. דאס הייסט אז מיר ישראל וועלין טיהן חסד מיט דער פערוויסטע ערד פאן אינזער לאנד אין מיר וועלין זיא בעארבייטען, דאמאלס ואמת נפגשו, בעגעגנען מיר דעם אמת״ן וועג אינזער אמונת ד׳, דאן צדק ושלום נשקו, דיא אמת״ה צדקה וואס מיר וועלין איינפיהרען בייא דעם כלל ישראל אום צו העלפען דיא ארמע קאלאניעס, אין דער כלל ישראל וועט לעבען מיט שלום אין מיט אחדות, דאמאלס וועט זיין צדק ושלום נשקו, דאס גערעכטיגקייט מיט דעם פריעדען וועלין זיך קישען, אמת מארץ תצמח, דאמאלס וועט דער אמת פאן דער ערדע שפראצען, וייל דער כלל ישראל האט אנגענעמען איין אמת״ן וועג אויף דער ערד, דאפיר וצדק משמים נשקף, דאפיר ווירד יא דיא אמת״י גערעכטיגקייט פאן גאטט בליקען פאם הימעל צי דעם כלל ישראל, גם ד׳ יתן הטוב, דאמאלס ווירד אינז גאטט ב״ה געבען דיא אמת״י אין גיטע ברכה פאן גשם נדבות, וארצנו תתן יבולה, אז אינזער לאנד ווירד ווייטער געבען איהרע געוויקסע אין איהרע פרוכטען פאן פאר צייטען, צדק לפניו יהלך, דאמאלס ווירד דאס גערעכטיגקייט פאן גאטט ב״ה פאראיבער געהען, וישם לדרך פעמיו, אונד וועט ריכטען אין וועג זיינע שריטטע, דאס הייסט, דיא גערעכטיגקייט פאן גאטט ב״ה ווירד זיך אויסברייטען מיט איהרע שריטטע איבער דער גאנצער וועלט, וועגען תקון העולם, אז מיר ישראל וועלין מאכען דיא שריטטע לארץ הצבי מיט איין קאלאניע נאך דיא אופנים הנ״ל, דאמאלס בעזהש״י וועט מקיום ווערין דיא רייד פאן דעם נביא ד׳, ונגלה כבוד ד׳ וראו כל בשר יחדיו כי פי ד׳ דבר, ווארין האמת והשלום אהבו.

דערוויל ברידער מחכה איך ווינשט דיר איין גיטען שבת . . . . . ואשריכם המחכים ויגיעו . . . לארץ הצבי בקרוב בימינו!

סוף דבר, כמאמר החכם מכל אדם, את אלהים ירא ואת מצותיו שמור כי זה כל האדם. — וד׳ צור ישראל הוא יברך את כל ישראל אחינו בכל ארצות פזורנו בברכת האֶמת והשלום אמן כן יהי רצון.

## אויסבעסםערונג דער דרוקפעהלער

דף 6 שורה 19 כתוב וויא פאם צ״ל וויא פאר.
דף 7 שורה 27 כתוב ואל תחכים. הרבה יותר מלמודך צ״ל אל תהי בז לכל אדם ואל תהי מפליג לכל דבר וכו׳
דף 10 שורה 11 כתוב אשר יזכנו צ״ל אשר זכינו.
שם שורה 13 כתוב מאָרגענרעטהע צ״ל פריא מאָרגען.
שם שורה 24 כתוב העלכען צ״ל העלפען.
דף 16 כתוב עיר צ״ל עיור.
דף 34 שורה 17 כתוב האב איך זייא גיענפערט צ״ל האבען זייא געזאָגט.
שם שורה 25 כתוב איך וועל זייא צ״ל אז מיר וועלין זייא.
דף 35 שורה 22 כתוב בריטע צ ל בריטא . . .
דף 37 שורה 14 כתוב איהר זענט גיוועהן צ״ל אייערע עלטערן זענין גיוועהן
שם שורה 33 צ״ל אין דיא טייערע מיטער רחל זאָלסט וויססען.
דף 39 שורה 10 כתוב מען האט ציגעצראכט דיא אלטע צ ל מען האט איהר ציגעבראכט דיא אללע.
דף 61 שורה 19 כתוב דיא תורה אין געזעצע צ״ל דיא תורה איין גיזעצט.
שם 21 כתוב איין ארון הקודש אין אינזער . . . צ ל אין ארון הקודש אינזער הייליגע תורה.
איבעראלל וויא עס שטעהט אֶמי דארף שטעהן הומייה.

## אן דיא געשעצטע לעזער!

איך מאכע אייך בעקאננט דאס איך מיך פאָרבערייט צו דריקען איין ווערק מיט דעם נאמען דִבְרֵי נְחוּמִים אָדער איין רעליגיעזיש אונד פאָליטישעס גע-שפרעך בייא איין מחכה בסעודה שלישית. — איך פערהאָפע אז זיא וועלין פיעל שעזערים דאָרט לעזען, אין דאָרטען וועט זיין דער שלוסס פאן דעם „חזיון ליל“. דער אבאָנאמענטס פרייז איז 2 פראנק. ווער זיך אבאָנירען וויללט דעם „דברי נחומים“ צו שטיצען זאָלל מיר שרייבען אין מיר שיקען דיא 2 פר. ווייל איך בין קיין גרויסער קאפיטאליסט.

מיין אדרעססע איז: חיים כהן, סטראדא ארטעי 15 בוקארעשט.

## הטיבה ד״ לטובים ולישרים.

דיא געעהרטע הערדען אבאָנענטען וואָס האבען מיטגעהאָלפען איך זאָלל קעננען ארויס געבען דאָס ספר, ישלם להם ד״ כפעלם ותהי משכורתם שלמה.

אהרן לינדענבערג
אשר אנטשיל ריינשטיין
אהרן וועקסלער
א. ראָזענפעלד
אלטער העכטער
אברהם אפפעלבוים
ארון ליב טו ערער
אהרן שטיינבערג
אברהם גרינבערג
אלטער קאָרנפעלד
אברהם בלעכמאן
אשר אדלער
איציק קליין
אפרים לייבאָוויטץ
אברהם אייזענשטיין
איסר ברוינשטיין
אברהם קרייץ
אלטער קעסטינבאנד
אהרן גאָלדענצווייג
איגנאץ שווארץ
אשר יאָזעפאָוויטש
אברהם שולימאָוויטש
אהרן קאָפלער
אָזיאס זיעגעלבוים
אברהם גארטינקעל
אנטשיל גאָלדענבערג
אָזיאס ברויער
אברהם בר׳ יעקב דוד
אהרן גאָלדשטיין
אברהם יוסף קויפמאן
בעריל לינדענבערג
בן ציון לעבעלזאָהן
בעריל גרינבערג
בעריש טייטיל
בערנארד לייסטער
ברידער אבאָאף
גבריאל קאָהן
גדליה ברייער
געברידער לעווינזאָהן
דוד צבי שווארץ
דוד ראָזענבערג
דוד ריינהאָרן
ד. שווארצמאנן
ד״ שאָר עט אייזענבערג
הערש לייב בראגנער
הערש בר״ ליפע חזן
הערמאן סאבעטייא
הערש וואָלף בר׳ נחמן
הערמאן שנירער
הערמאן לעאָן
הערמאן לעבעל
וויקטאָר קאָהן
וואָלף ברוינשטיין
ווילהעלם ראָזען
וואָלף מיכאלאָוויטש
ווילהעלם ווערנער
זוסמאן יאקאָבזאָהן
זעליג בר׳ משה דוד

זלמן מאיער
זעליג צוערלינג
זיסע לייב גוטטמאנן
חיים סאלאָמאָן
חיים לאזאראָוויטש
חיים יוסף בר״ צבי
חיים קערפמאנן
חיים בר׳ משה כהן
חיים יצחק סאבער
חיימאָוויטש
חנה פערלמאנן
חנינה יואל
יעקב בר״ ישעיה משה
יוסף טויבמאנן
נטיל בר״ שמריה
ף בר״ ישראל צורף
ראל שמחה פאָגעל
ף הירש
קאב קאהן
ידאָר ווייס
חנן רויזענבערג
הק אייזענשטיין
קב פערשינג
סף בר״ קלונימים
צענטלער
יעקב זילבערמאנן
יעקב בר״ יוחנן ברונער
יהודא בלעכמאנן
יהודא בר׳ בנימן
יצחק דויער
יעקב ברוינשילד
זקאל שטיינבערג
סף בר״ ליפא
סף ליב פריעד

יוסף בר״ אפרים שוב
יחזקאל בר״ שלום
יעקב בר״ שמואל
יום טוב ליפא בר׳ אשר זעליגס
יעקב מארקוס
יצחק בר״ יעקב זאב סגל
י. א. רויזענצווייג
ישעיה שערער
י. בירנער
לעבעל ברוינשטיין
ליב בר׳ נתן דאַננער
ליב יאנאָוויטש
לעזער גרינבערג
ליב עליאס
לייביש צוקערמאַן
ליב קרויז
לעאָפאָלד גערשקאָוויטש
לעאָפאָלד גוטטמאַן
לואיס הירש
ליב יאקאָבזאָהן
לעזער רויזענטהאל
לייביש זילבערמאַן
לאאזר לעבעל
לוי יצחק אנטיקוואר
ליב בר׳ יצחק צבי
לאזאר ווייזענבערג
ליב זאנפט
ליפא קאָהן
מרדכי הענדלער
מ. פעדער
משה נטע סימאָן
משה שפילמאַן
משה קאָרנער
משה סאלאָמאָן

מאיר דרוקער
מאיר סאלאָמאָן
מ מיכעלשטיין
משה וואָלף גאָלדענבערג
משה בר״ ישראל
מלך מר׳ ישראל
מאָריטץ הענדלער
מנשה פאלקענפליג
מארקוס הירש
מאיר גאָלדשטיין
מרדכי בר״ עוזר
מאיר גראָסס
מאיר גאָלדשטיין
מ. לוקו
מרדכי ראטינער
מאיער לעבאָוויטץ
מ. ראָסע
מאָריץ פיטוויסאקער
מארקוס קאָהן
משה בר׳ מאיר
מאָטעל עבטמאן
מרדכי שווארץ
משה קאָעלי
מרדכי כהן
משה בר׳ יעקב
משה האָרוו טץ
מאיר וואָלף פיינס
מאריטץ פאך
מאָריטץ ראָטהמאן
מאקס ווייסבר[illegible]
מא[illegible] פרערעס
משה בערנארד מוהיינגער
מ׳ פאפער
משה הארטענשטיין
מיכל ראמבערג
מרדכי צבי בר׳ אהרן
מאיער פריעד
ניסן סאמועל
נפתלי פליג

נחמן בר״ מאיר
סאמועל בארדער
סאמועל ראָטמאן
סלאָמאָן איזאק
סאלאָמאָן לעבעל
סאלאָמאָן בר׳ משה
סאמועל פיטוויסאקער
עליאס ברוינשטיין
עלישע מענדעל צימבלער
על אם פאָקשאנער
מאדאם חנה רויזענצווייג
מאדאם אסתר שווארץ
מאדאם בלמה קעמפפנער
מאדאם פערל בארדער
פסח שווארצענבערג
פייוועל יואל
פנחס ווייסמאנן
פיליפ שולדער
פליפ באקמאן
פשל רויזענצווייג
פסח זילבערמאן
פליפ שווארצמאן
קלמן רויזענטהאל
קלמן קופפער
קאפעל גאָלדענבערג
שלמה אלעזר כהן
שמואל קיפר־ער
שמעון מעל־ער
שמואל רויזענצווייג
שלום בירמאן
שמעון ליטמאן
שמואל וויזענטהאל
שמואל בר״ פנחס יוסף
שלום עבטמאן
שבתי בר׳ משה יהודא
שמחה מנשה בר״ מ. צבי הכהן
שמואל משה בר׳ א. אלעזר
שמואל בר׳ יעקב
שמואל בר״ נתן ניימאנן.